# CONTROL TEST TARGET
# for Kodak Quality Monitoring















Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww Xx Yy Zz
Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww

Note: This target is intended for routine quality control checking and uniformity.
It is not to be used for certification of meeting any ANSI or ISO Standards for image quality requirements.
Note: To record background density, use a blank sheet of white paper.

A-2289 CAT 800 7403 Rev. 2/00 @ Eastman Kodak Company, 2000 Printed in U.S.A.

Document Imaging
EASTMAN KODAK COMPANY
Rochester, New York 14650
1-800-232-8811

DOCUMENT
IMAGING



Leivick, H.
Keytn : drame in dray aktn.
Vilne, 1931.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005-1897.2

**Leivick, H., 1888-1962.**
Keytn : drame in dray aktn / H. Leyvik.
Vilne : B. Kletskin, 1931.
100 p. ; 21 cm. Geklibene verk / fun H. Leyvik

1. Yiddish drama.--lcsh
I. Lithuania-Vilnius II. Leivik, H., 1888-1962. Selections. 1931.

ID : NXYH02-B1659 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /17952b

Reduction ratio X 10.0

געקליבענע ווערק פון ה. לייוויק

# קייטן

דראמע אין דריי אקטן

ווילנע—1931

ווילנער פארלאג פון ב. קלעצקין

ה. לייוויק

# קייטן

דראמע אין דריי אקטן





ווילנע—1931

ווילנער פארלאג פון ב. קלעצקין

## פּערזאָנען

לעווינע
יאָסעף
גריגאָרי
פּעטער
פּרץ
זינגער — פּאָליטישע אַרעסטאַנטן.
נוקי
סאַלאָמאָן
דניאל

זאַזולי
קאָוועזניקאָוו — קרימינעלע.
זיידע

דרוזשינין — קאַטאָרגע-פאַרוואַלטער.
דאָקטאָר.
וועכטער, סאָלדאַטן, גאָלדגרעבער-רעוואָלוציאָנערן.



PRINTED IN POLAND

H. Łeiwik — „Kejtn“
Drukarnia „Wyd. Wileńskie“ B. Kleckina, Wilno

# ערשטער אַקט

(א קאמער פון א קאטארזשנער געפענגעניש אין ווייטן פארוואָרפענעם צפון-סיביר. בײ איין וואַנט א לאנגע נארע. אנטקעגן — א גרויסע אייזערנע טיר געשמידט אין גראַטעס און מאַסיווע שלעסער. נאָענט צו דער סטעליע — צוויי פענצטער, אויך געשמידט אין גראַטעס. בײ דער זייט פון טיר — א לאמפּ ארײנגעטאָן אין א לאמטערן געדראָטעוועט אין דיקן דראָט. אויף דער נארע ליגן מאטראצן ענג צוגערוקט איינע צו די אנדערע. צוקאָפּנס — פלאכע קישעלעך. איבער די מאטראצן — גראָע געוואַטעוועטע איבערדעקן.

אין קאמער געפינען זיך עלף ארעסטאנטן. אַכט פּאָליטישע און דרײַ קרימינעלע. די מערסטע פארמשפּטע אויף אייביקע קאטאָרגע. אלע פּאָליטישע זענען חברים פון איין געריכט-פּראָצעס. אלע זענען אָנגעטאָן אין קייטן און אין קליידער פון גרויען געוואַנט.

אויף דער נארע האָבן פּלאַץ אין פאָלגנדער אָרדענונג: גרינגאָרי, לעווינע, פרק, סאלאָמאָן, זינגער, פּעטער, וואזולי און קאָוועריזניקאָוו. נוקי ליגט פארקראָכן אונטער דער נארע, אזוי אז מען זעט אים קוים ארויס. מען הערט נאָר פון צייט צו צייט זיין משונהדיקן האַלב-פּאַן-ווינסלען גערירטן קול. ווען-נישט-ווען גיט ער א רוק ארויס זיין קאָפּ, און זעט אויס ווי א משערעפּאַכע, ווא... שטעקט אַרויס דאָס קעפּל פון אונטער איר פּאַנצ...

און כאפט אים גלייך אריין צוריק. יאָסעף און דער זיידע האָבן נישט קיין פּלאַץ אויף דער נאַרע, זייערע מאַטראַצן ליגן אויף דער ערד.

עס שטייט אַ לאַנגער טיש אין דער ריכטונג פון דער נאַרע. אויפן טיש — טשאַניקעס, שיסלען, אייזערנע טײקריגלעך. אויפן װאַנט איבער יעדנס געלעגער הענגען טאָרבעס. יעדער האַלט אין זיין טאָרבע זיין ביסל אָרימקייט. אויף די מערסטע טאָרבעס זענען אָנגעשריבן מיט דיקן טינט די איניציאַלן פון די אייגנטימער. דאָס עסנװאַרג אָבער, װי אַשטייגער: ברויט, צוקער און אַנדערע זאַכן, ליגט אין איין פּלאַץ אויפן טיש, װייל צװישן די פּאָליטישע הערשט קאָמונע. אויפן טיש שטייט אויך אַ הילצערן שאַכטל מיט מאַכאָרקע-טאַבאַק, און יעדערער, װער עס װיל רויכערן, גייט צו און װיקלט אַ פּאַפּיראָס, נוצנדיק פאַר פּאַפּיראָס-פּאַפּיר אַ לאַנגן גראָבן בויגן פּאַפּיר.

װען דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף איז אָװנט. פון דרויסן הערט זיך דאָס יאָמערדיקע פייפן פון װינטערדיקער זאַװערוכע. אין קאַמער איז האַלב-פינצטער. גריגאָרי, אַ קראַנקער אין פיבער, ליגט אויף זיין מאַטראַץ דער ערשטער צום צושויער; דער צװייטער נאָך אים זיצט לעװינע. לעבן לעװינען זיצן פּרץ, זינגער און יאָסעף. זייערע פּנימער, אָנגעשטרענגטע און דערצאָרנטע, זענען געװענדט צו פּעטערן, װעלכער זיצט אויף זיין מאַטראַץ באַזונדער מיט אַן איינגעבויגענעם קאָפּ אַרונטער, װי עפּעס אַ באַשולדיקטער.

די גאַנצע צייט הערט מען, װי דער שמיד קאָװעס קיימט ערגעץ הינטער דער בינע.

אין װינקל מיט פאַרריקט זיצן זאַזולי און קאַװערזניקאָװ און שפּילן קאָרטן. זיי זענען אַזוי קונציק צוזאַמענגערוקט, אַז עס איז אַ װונדער, װיאַזוי זיי האַלטן עס אויס. זיי שרויפן זיך איין מיט אַ ביטן, כדי דער



װעכטער, װאָס גייט אָפּט צו צום טיר און קוקט אַריין, זאָל נישט באַמערקן װי זיי שפּילן, װייל קאָרטן-שפּיל איז אין תּפיסה שטרענג פאַרבאָטן. דער זיידע זיצט אויפן דיל אויפן צוזאַמענגעדרייטן מאַטראַץ, איז באַשעפטיקט מיט פלעכטן קערבלעך פון שטרוי און זייבן האָלץ. פון הינטערן טיר דערהערט זיך דעם װעכטערס קול, צעטראָגט זיך הילכיק.)

װעכטער

אָנצינדן די לאָמפּן!

(די טיר עפנט זיך, עס קומט אַריין אַן אַרעסטאַנט מיט אַ לאָמפּ, שטעלט אים אַריין אין לאַמטערן, פאַרשליסט די לאַמטערן, איבערן קאַמער צעלייגט זיך אַ טונקעלע געשטרייפטע באַלויכטונג. לאָמפּן-צינדער אָפּ. װעכטער אין דער האַלב-אָפענער טיר, קוקט אַריין, באַטראַכט אַלעמען, געפינט אַלץ אין אָרדענונג, װיל די טיר פאַרשליסן. זאַזולי האָט שנעל פאַרשטעקט ערגעץ די קאָרטן, געבליבן זיצן אומשולדיק, אויך אַזוי קאַװערזניקאָװ.)

זאַזולי

(צום װעכטער)

װי שפּעט, פּעטערל?

װעכטער

דאַרפסט נייטיק װיסן?

זאַזולי

זאָג, פּעטערל.

װעכטער

פינף דער זייגער, הונט איינער.

זאַזולי

אַ דאַנק, פּעטערל.

קאַװערזניקאָװ

קאַלט אין קאַמער היינט.

װעכטער

נו, פריר, אַז ס'איז קאַלט.

קאָווערזניקאָוו

אזאַ זאַווערוכע אויפן גאַס.

וועכטער

די כאָליערע וועט אייך נישט נעמען. (צו אלעמען) זיין הילגע־בורס, דרוזשינין אַליין, וועט היינט קומען אויף רעוויזיע. (אלע שווייגן) איר הערט וואָס איך זאָג אייך!

לעווינע

מיר הערן.

וועכטער

(גייט צו מיט כעס צו לעווינע)

וואָס רעדסטו מיר אַנטקעגן? ווילסט אין מאָרדע? דו ביסט ביי מיר דער גאַנצער פירער דאָ. (אלע זיצן פארגליווערט. וועכטער ציט זיך צוריק צום טיר) הונט איינער! (אָפּ).

זאַזולי

קורווע די מאַמע זיינע! (צו קאָווערזניקאָוון) נעם די קאָרטן. טאַש.

קאָווערזניקאָוו

וואָס שטעלסטו אין קאָן? האָסט אַלץ שוין פארשפילט?—

זאַזולי

זאַזול האָט נאָך מיט וואָס צו שפילן. שפּיל! אין טאַטן אַריין. אין דער מאַמען, אין הייליקן זון אַריין!

קאָווערזניקאָוו

איך דאַרף זען אויף וואָס דו שפּילסט.

זאַזולי

(ווייזט מיט די הענט אויפן זיידנס זעקל, וואָס אויף דער וואַנט)

אַז איך זאָג דיר יאָ, מעגסטו גלויבן.

קאָווערזניקאָוו

נו, נעם עס אַרויס ביי אים פון טאָרבע און שטעל אין קאָן.

זאַזולי

(לאָזט זיך האַסטיק צום זיידנס טאָרבע)

זיידע

(מיט שרעק דערשפּירט, שפּרינגט אויף, זינע הענט ציטערן)



אָהב רחמנות, זאַזולי.

זאַזולי

אַהער מיט דיין צוקער.

זיידע

איך וועל מאַכן גוואַלדן. טשעפּע נישט מיין צוקער.

זאַזולי

אַלטער תרח דו. האַלסט אַ זעקעלע מיט צוקער שוין אַ יאָר צייט און גאָרנישט. גיב עס אַהער. איך דאַרף שטעקן אין קאָן.

זיידע

ס'איז דאָך אָבער מיינס.

זאַזולי

וואָס מיר מיינס? — אַז עס איז ביי דיר איז עס דיינס, אַז ס'וועט איבערגיין צו מיר וועט דאָס זיין מיינס.

זיידע

(מיט האַלב געוויין)

מיין אַנעלע האָט עס מיר געשיקט. מיין אַנעלעס מתנה. שנייד מיר מיין האַלז בעסער.

קאָווערזניקאָוו

נו, גענוג שוין, צום טייוול!

זאַזולי

(קערט זיך צוריק)

איך וועל נאָך אים באַווייזן. דעם אַלטן תרח. קורווע די מאַמע זיינע. איך שטעל אין קאָן מיין גאַנצן פּאַיאָק ברויט פאַר דער גאַנצער קומענדיקער וואָך.

קאָווערזניקאָוו

ווערסטו פאַרשפּילן, וועסטו הונגערן. זאָלסט עס וויסן זיין.

זאַזולי

שפּיל.—אין ניקאָלאַי דעם הייליקן אַריין! אין אַרכימאַנדריט אַריין! אין די געדערעם, אין די קישקעס, אין די ריפּן אַריין! (צום אלטן, העלבער שלעפּט אראָפּ פון האַנט די טאָרבע זינע און נעמט ארויס פון דער טאָרבע אַ קליין ווייס זעקעלע מיט צוקער) עס

וועט דיר נישט העלפן. איך וועל עס צונעמען. אויך די פּאָר שטיוול דיינע וועל איך צונעמען. (שפּילן).

זיידע

(נעמט אַרויס פון מאַרבע אַ פּאָר שטיוול, גלעט זיי, הייסט זיי מיטן העמד. עס זעט זיך אָן, אַז די פּאָר שטיוול און דאָס זעקעלע צוקער איז ביי אים זייער טייער)

ביסט אַ רשע, זאַזולי. ווילסט ביי מיר צונעמען מיין אַנעלעס מתּנה. אַנעלע — מיין טייער אייניקל, מיין שיין אייניקל.

זאַזולי

טויזנט מאָל געהערט שוין. — אַנעלע, אַנעלע, — אַזאַ אונטער-צינדערן ווי דו.

זיידע

אויף אַנעלען רייד נישט קיין שלעכטס. רשע דו. — זי איז נאָך אַ קינד. אַ גאָלד. — מיין זון איז אין כּעס אויף מיר, דעם אונטערצינדער. שרייבט מיר נישט. שילט מיך. און זי, אַנעלע, נעמט און שיקט מיר אַ בריוועלע און אַ פּעקעלע. איך עפן דאָס פּעקעלע — שטיוועלעך און צוקער! צוויי פונטיקלעך צוקער. און אין בריוועלע שרייבט זי — —

זאַזולי

שוין געהערט, געהערט.

זיידע

זיבן-און-ניינציק ציגעלעך צוקער געווען, זיבן ציגעלעך שוין אויסגעטרונקען. — — — הערסט, אַנעלע, נאָר אין אַ יום-טוב-טאָג טרינק איך טיי מיט אַ צוקערל. יעדן ציגעלע אויף זעכצן שטיקעלעך טייל איך. און מיט יעדן שטיקעלע צוויי גלעזעלעך טיי. (פּויזע).

לעווינע

פאַרוואָס האָט איר דאָס געטון, פעטער? פאַרוואָס האָט איר אונז פאַררעטן? וואָס שווייגט איר?

פעטער

(שווייגט)



זינגער

(קאָכט זיך)

אַזוי שפּייען אין פּנים דער רעוואָלוציאָנערער עסיק. אונזערער אַ מענטש זאָל אָפּטאָן אַזאַ נבלה — בעטן באַגנעדיקונג ביים צאַר!

פרץ

איז דיר נישט איינגעפאַלן גאָר, אַז מיר וועלן זיך דערוויסן, אַז דו האָסט געשריבן אַ פּאַפּיר צום צאַר? שוטה דו!

לעווינע

צו וואָס די רייד? זאָל ער רעדן.

פעטער

(טוט זיך אַ שליידער מיטן פּנים אַראָפּ צום געלעגער, ליגט און שווייגט.)

לעווינע

איך פרעג אייך.

פעטער

איך האָב נישט וואָס צו זאָגן. איך האָב די זאַך געטאָן.

זינגער

באָיקאָטירן אים!

לעווינע

איר האָט מיט אונז מיטגעאַרבעט ביז היינט אין דעם טונעל, וואָס מיר גראָבן, אָנטייל גענומען אין דעם גאַנצן פּלאַן פון אַנטלויפן, — מיינט איר, אַז ס'זאָל קומען די מעגלעכקייט צו אַנטלויפן, וועלן מיר אייך לאָזן מיטגיין מיט אונז?

פעטער

איך וועל נישט גיין. איך וועל דאָ בלייבן.

נוקי

(מיט אַ האַיענדיקן קול)

ס'איז מיר פינצטער. ס'איז מיר האַרט. דער ווינט וואָיעט. הו, הו. ס'איז מיר קאַלט.

זיידע

הער אויף, זונעלע, דער וועכטער וועט דערהערן וועט ער דיך ווידער שלאָגן.

נוקי

איר זענט מיר אַלע שונאים.

לעווינע

חבר נוקי, שטיל דאָרטן.

נוקי

איך בעט סם — גיט מען מיר נישט. איך וויל סם, מערזאַוווצעס.

לעווינע

איך הייס אייך שטיל זיין.

נוקי

איר זענט מיר צופיל באַלעבאָס דאָ, חבר לעווינע. דרוזשינין איז באַלעבאָס — געגוג. מיר איז פינצטער, חבר לעווינע, מיר איז פינצטער.

לעווינע

(מיט באַצהיננגונג)

נוקי! (נקי הערט שטיל, הײנט פאַר זיך)

זינגער

מען מוז איינמאָל פאַר אַלעמאָל פאָדערן מען זאָל אים צונעמען אין שפיטאָל.

גריגאָרי

(הויבט זיך האַלב אויף, רעדט קרענקלעך)

פאָדערן.—נו פאָדער, פאָדער. (פאַרהוסט זיך און פאַלט צוריק)

לעווינע

אָן פאַרצווייפלונג, גריגאָרי. איך בין זיכער, אַז דער פּלאַן צו אַנטלויפן וועט אונז געלינגען.

גריגאָרי

דערווייל פאַרפייניקט מען אונז ביז צום טויט.

לעווינע

שטאַרק זיין, גריגאָרי!

גריגאָרי

אָ, איך וועל שוין די פרייהייט נישט דערלעבן. איך בין קראַנק

לעווינע

ווילן, גריגאָרי, — ווילן. — — און וואָס זאָגסטו אויף פּעטערן?



גריגאָרי

אויב פּעטער איז אַן אָנשטענדיקער מענטש — דאַרף ער זיך אַליין פאַרמשפּטן.

לעווינע

און וואָס שווייגסטו, יאָסעף? זיצסט מיטן קאָפּ אין די קני און דו שווייגסט.

יאָסעף

מיר געפעלט נישט דער גאַנצער ענין.

זינגער

ער איז שוין דאָ, דער מרה־שחורהניק מיט זיינע פילאָזאָפיעס.

יאָסעף

איך רייד נישט צו דיר.

לעווינע

זאָג וואָס דו ווילסט זאָגן, יאָסעף.

יאָסעף

מיך באַליידיקט אייער אַלעמענס זיכערקייט, מיט וועלכער איר באַהאַנדלט אַ מענטשנס גורל.

זינגער

פּעטער איז אַ פאַררעטער!

יאָסעף

שווייג. (צו לעווינע) אייער זיכערקייט און אייער רויקייט — —

לעווינע

פונוואַנען ווייסטו, אַז איך בין רויק?

יאָסעף

מיט צוויי יאָר צוריק, ווען מען האָט אונז געבראַכט אַהער, וואָלט איך אויך מיט אַ רויק האַרץ פאַראורטיילט אַ חבר, וואָס וואָלט אונז פאַרראַטן. מיר זענען געווען פריש, גאַנץ און ריין, און, איבערהויפּט, ס׳איז געווען ליבשאַפט צווישן אונז. אָבער איצט — נישט.

לעווינע

וואָס נישט?

יאָסעף

נישטאָ קיין ליבשאַפט צווישן אונז.

זינגער

טשיקאַווע.

יאָסעף

איך זע זיך און אייך אַלעמען אין נאַקעטקייט. ברוטאַלער נאַקעטקייט. זענען מיר טאַקע רעוואָלוציאָנערן, סאָציאַליסטן? — וואָס זאָגט איר, האַ? איך זע נאָר איינס: די חיה איז אויפגעשטאַנען אין אונז.

לעווינע

אַ ווונדערבאַרע חיה.

יאָסעף

וואָס טויגן מיר די רייד, אַז מיר האָבן אין תוך איינער דעם אַנדערן פיינט. אַ גרויסער ליגן איז דאָ צווישן אונז.

לעווינע

איך פאַרשטיי נישט.

יאָסעף

ליגן אויף דער נאַרע און שלאָפן רויק, ווען אַנדערע וואַלגערן זיך אונטער דער נאַרע, אויפן נאַקעטן דיל, איז געמיינער ווי בעטן מחילה ביים צאַר.

זינגער

אָהאָ!

יאָסעף

עס פאַרדריסט מיך, וואָס איך בין איינער פון די, וואָס האָבן נישט קיין פלאַץ אויף דער נאַרע, און שלאָף אויף דער ערד— קען אויסקומען פאַרדעכטיק מיין פאָרוואורף.

זינגער

נו יאָ, ווען דו וואָלסט געהאַט אַ פלאַץ אויף דער נאַרע, וואָלסטו אים אויך נישט אָפּגעטרעטן צו אַ צווייטן.

יאָסעף

בין איך אויך געמיין ווי אַלע. אָבער דער פאַקט איז דאָך אַ פאַקט. ווער — אויף דער נאַרע, און ווער — אונטער דער נאַרע. אַ גאַנץ ווינטער. — — אָט דער זיידע. — אַן אַלטער מאַן, וואַלגערט זיך אויף דער ערד.



זיידע

עס מאַכט נישט, קינדערלעך. איך פאַרלאַנג נישט.

יאָסעף

און נוקי אין שמוץ אונטן, אין פוילעניש.

זינגער

אַז ס'איז אָבער פאָרט נישטאָ קיין פלאַץ פאַר אַלעמען. עמיצער מוז דאָך שלאָפן אויף דער ערד.

יאָסעף

עמיצער מוז דאָך ליגן אויף דער ערד? אַוודאי, אַוודאי. — מוז, מוז. — — עמיצער מוז דאָך זיין אַפילו אַ וועכטער... — אפשר וועסטו אויך ווערן אַ וועכטער ווען עס וועט זיין אַ מוז? האַ, וועסט ווערן?

זינגער

פלוידער נישט.

יאָסעף

און אונזער קאָמונע פאַלט דען נישט פונאַנדער? דוכט זיך, דו אַליין ביסט נישט צופרידן.

זינגער

מיט דער קאָמונע איז עפּעס טאַקע נישט גוט, אמת.

יאָסעף

וואָס איז דאָ צו באַהאַלטן. די פאָר כאַרמעגלעכע פון אונז, וואָס זייער געלט ווערט צעטיילט פאַר אַלעמען, באַטראַכטן עס פאַר אַ קרבן און זענען נישט צופרידן.

לעווינע

וועמען מיינסטו?

יאָסעף

אויך דו האַלסט נישט אויס דעם נסיון.

לעווינע

רייד קלאָר.

יאָסעף

צווינגסט מיר צו ריידן -- רייד איך. אָט אַ קלייניקייט, דוכט זיך.—מיר אַלע רויכערן מאַכאָרקע, שטיקן זיך, און דו דערלויבסט

זיך, אַז די קאָמונע זאָל פאַר דיר אויסשרייבן גוטן טאַבאַק מיט גילזן.

פ ר ץ

איך בין דער עקאָנאָם, און איך בעט קיינעם נישט אַריינמישן זיך.

ל ע ו ו י נ ע

איך האָב דאָך דערקלערט, אַז איך קען קיין מאַכאָרקע נישט רויכערן. איך הוסט.

י אָ ס ע ף

מיר אַלע הוסטן. קיינער פון די נישט-פאַרמעגלעכע האָט אָבער קיין מוט נישט געהאַט צו דערקלערן, אַז ער קען קיין מאַכאָר-קע נישט רויכערן. און דו האָסט געהאַט מוט.

ל ע ו ו י נ ע

ס'איז דאָך לעכערלעך, קליינלעך.

י אָ ס ע ף

אמת, זייער קליינלעך.

ל ע ו ו י נ ע

נאַט אייך דעם טאַבאַק מיט די גילזן. נאַט אייך.

(טוט אַ שלײדער ס'פעקל טאַבאַק מיט די גילזן איבערן דיל. גילזן ווערן צעשאָטן. דערשטוינונג און שטומקייט.)

ז י י ד ע

(טוט זיך אַ לאָז אויפקלויבן די גילזן)

איי, איי, קינדערלעך.

י אָ ס ע ף

לאָזט עס, זיידע. (זיידע צוריק צו זיין פלאַץ. יאָסעף שטאַמלט) אין כעס ווערן דאַרף מען נישט, לעווינע. איך האָב נישט גע-מיינט באַליידיקן. דו ווייסט מיין גרויסן אָפּשיי פאַר דיר.

(בויגט זיך און קלויבט צונויף די גילזן.)

ז אַ ז ו ל י

אַהאַ, איצט האָסטו פאַרשפילט. קורחע די מאַמע דיינע, גיב אַהער אַלץ צוריק. און דיין פונט קאָלבאַס אַהער.

ק אָ ו ו ע ר ז נ י ק אָ ו ו

נאַ, נאַ, אין האַרץ, אין די ריפּן, אין די קנעכלעך און אין די



לונגען אַריין. הינטישער! — נאַ, נאַ, ברודער. אָבער — שפּיל ווייטער.

ז אַ ז ו ל י

שפּילן, שפּילן, טאַש. (שפּילן)

ג ר י ג אָ ר י

דעק מיך צו. מיך פיבערט.

ל ע ו ו י נ ע

(דעקט אים איין)

ש-ש, גריגאָרי!

ג ר י ג אָ ר י

וואַסער אַביסל

פ ר ץ

(דערלאַנגט)

נאַ, גריגאָרי. (פויזע)

ל ע ו ו י נ ע

הער זיך איין, זינגער. — אָט לאָז איך זיך אַרונטער אין טונעל. —הער וואָס איך טראַכט. ביז וואַנען מיר וועלן דורכגראָבן דעם גאַנצן טונעל, ביז אויף יענער זייט צאַם, וועט נעמען חדשים נאָך — ס'איז צו לאַנג צו וואַרטן.

ז י נ ג ע ר

בו, דערום?

ל ע ו ו י נ ע

צום הויף קענען מיר שוין צוקומען. אַפילו היינט.

י אָ ס ע ף

(מיט אויפשפרונג)

וואָס?

ל ע ו ו י נ ע

פון הויף טיילט אונז אָפּ אַ שטיקל וואַנט. איין זעץ—און מיר זענען אויפן שטילסטן ווינקל פון הויף, ווו דאָס אויג פונעם וועכטער פאַלט נישט אַזוי אָפט. און איבערן צאַם — מיט אַ שטריק-לייטער. די נאַכט איז אַ גוטע היינט, — אַ פינצטערע, אַ זאַווערוכע.

### אָסעף

אויף זיכֿערן דורכֿפֿאַל גיין — איך פּראָטעסטיר קעגן דעם.

### זינגער

איך מיין אויך, אַז מיר טאָ־ן אַזוי נישט ריזיקירן.

### לעווינע

איך האָב דערהאַלטן אַ ידיעה, אַז אין די גאָלד־גרובן וועט היינט־מאָרגן זיך אָנהייבן דער אַלגעמיינער שטרייק. סיביר, אונזער ראַיאָן איבערהויפּט, קען שפּילן אַן אַנטשיידנדיקע ראָלע אין דעם אָנהייב פֿון דער רעוואָלוציע. און אויב אונז זאָל געלינגען אַרויסכֿאַפּן זיך פֿונדאַנען און איבערנעמען די פֿירערשאַפֿט פֿונעם שטרייק — —

### זינגער

חלומות.

### לעווינע

איך רייד נישט קיין חלומות. רוסלאַנד וויל זיך באַפֿרייען פֿון צאַריזם. נו, גוט. דעם צאַר וועט מען אַרונטערוואַרפֿן. וואָס ווייטער? (באַטאָנט) מיר דאַרפֿן די סאָציאַלע רעוואָלוציע! און אָנהייבן דאַרף מען זי דאָ, אין סיביר. וועגן דעם חלום איך.

### יאָסעף

אָט דאָ אין העק?

### לעווינע

מיר וועלן פֿאַרוואַנדלען דעם שטרייק אין אַ סאָציאַלן אויפֿשטאַנד. פֿאַרכֿאַפּן די מינען, דעם גאַנצן געגנט, דעם גרעסטן טייל פֿון סיביר, באַוואָפֿנען אַן אַרבעטער־אַרמיי. און דאָס וועט זיין אַ רוף צו גאַנץ רוסלאַנד, זי זאָל אונז נאָכֿטון.

### יאָסעף

אַוואַנטיורע!

### לעווינע

אַך! — — זינגער, איך לאָז זיך אין טונעל אַריין. (אָפּ אונטער דער נארע.)



### יאָסעף

(גייט האַסטיק איבערן קאַמער)

שפּילן זיך מיט לעבנס, — מיט אייגענעם, מיט פֿרעמדע.

### זינגער

(צו פּעטערן)

גאָספּאָדין פּעטער, איך וויל נישט, אַז דיין געלעגער זאָל ליגן לעבן מיינעם.

### פּרץ

זינגער, — מען דאַרף נישט.

### זינגער

מען דאַרף! איך וויל נישט ער זאָל ליגן לעבן מיר. אַ פֿאַררעטער זאָל זיך צורירן צו מיר, זאָל ער שלאָפֿן אויף דר'ערד.

### יאָסעף

ס'איז שרעקלעך.

### זינגער

(אַ זעץ טימן פֿויסט אין דער נארע)

אַ פֿאַררעטער דאַרף מען אָפּשיידן פֿון זיך אַזוי ווי אַ קרעציקן.

### יאָסעף

(גיט זיך אַ זעץ אַרונטער אויף דר'ערד אין אַ ווינקל. קראַטשעט זיך צוזאַמען)

### פּעטער

(נעמט זיין געלעגער, שלעפּט עס פֿון דער נארע צום דיל לעבן טיר. פֿאַלט אַליין צו צו דער ערד. ברעכט צוזאַמען. עס שפּאַרט פֿון אים מיט געוויין. דער אָפּגעלייזדיקטער פּלאַץ אויף דער נארע קוקט אויס ווי אַ קבר. פּויזע. די טיר עפֿנט זיך. עס קומט אַריין סאַלאָמאָן מיט פּעקלעך אויף די הענט. טיר פֿאַרשליסט זיך)

### פּרץ

(מיט צעשפּרייטע הענט אַנטקעגן סאַלאָמאָנען, פֿריידיק)

אַסך גוטע זאַכֿן האָט דיר דער טאַטע געבראַכֿט, סאַלאָמאָן?

סאַלאָמאָן

(צערווישט)

יאָ, ברודערל, — פּרוכט, פּוטער, קעז און קאָלבאַס. און שאָקאָלאַד! און אַ טאָרט, — ברודער. אַן אמתער טאָרט. היינט פּאַפּיראָסן. טויזנט שטיק.

פּרץ

אַ מאָלאָדיעץ דער טאַטע דיינער. וואָס, ער פּאָרט שוין אַוועק צוריק?

סאַלאָמאָן

(מיט טרערן)

יאָ, פּאָרט שוין אַוועק. — — דאָס שאַכטל שאָקאָלאַד האָט מיר ביין קליין שוועסטערל געשיקט. דאָס ליידיקע שאַכטל וועסטו מיר אַוועקגעבן. יאָ, פּרץ?

פּרץ

(נעמט איבער ביי אים די זאַכן)

איך גיב דיר גאָרנישט. מיש זיך נישט.

סאַלאָמאָן

און דעם טאָרט צעטייל היינט צו טיי. יאָ, פּרץ?

פּרץ

(שטופּט אים פון טיש)

איך פרעג ביי דיר נישט און מיש זיך נישט. אַז איך וועל טיילן היינט—וועסטו היינט עסן, אַז איך וועל עס דיר געבן מאָרגן—וועסטו מאָרגן עסן.

סאַלאָמאָן

דאָס שאַכטל פון שאָקאָלאַד וויל איך האָבן.

פּרץ

מאַלע וואָס דו ווילסט. גיי אויף דער נאַרע, גיי. האָסט זיך נישט וואָס צו מישן. ס'איז נישט דיינס. (עפנט דאָס שאַכטל. פאַרחידושט) פאַרוואָס איז דאָס שאַכטל שאָקאָלאַד נישט פול?

סאַלאָמאָן

פונוואַנען זאָל איך וויסן?



פּרץ

אַ שאַכטל דאַרף זיין פול. — — גיי אויף דער נאַרע. גיי.

סאַלאָמאָן

(מיט שווערע טריט קריכט ארויף אויף דער נארע. ציט זיך אויס אויף זיין מאטראץ. זינקט איין מיטן פנים אין קישן.)

זינגער

וואָס דערציילט דער טאַטע דיינער נייעס?

סאַלאָמאָן

גרויסע נייעסן קומען פאָר אין לאַנד, זאָגט דער טאַטע. רעוואָלוציע קומט.

זינגער

דערצייל.

סאַלאָמאָן

און אינדערהיים איז נאָך זומער, זאָגט דער טאַטע. אַרבוזן זענען צייטיק. און אויף וויינטרויבן אַ געראַטעניש, זאָגט דער טאַטע. (דעקט זיך איבער איבערן קאָפּ. ליגט.)

פּרץ

וואָס? דו וויינסט? — — שאַ. וויין נישט. איך וועל דיר געבן דאָס שאַכטל, און דעם טאָרט וועל איך צעטיילן באַלד. נו, גוט? (ער לייגט ארויס דעם טאָרט, נעמט אַ לעפל, צייכנט ליניעס פאר חלקים.)

זינגער

אויף וויפל חלקים טיילסטו? פאַר פעטערן נישט.

יאָסעף

(שארף)

פאַר מיר אויך נישט!

פּרץ

וואָס?

יאָסעף

נעמט מיך אויך אַרויס פון חלק.

פּרץ

ווילסט די קאָמונע זאָל צעפאַלן?

אָסעף

זי איז שוין סיי-ווי צעפאַלן.

פרץ

ביסט משוגע געוואָרן, צי וואָס? וועסט ביי מיר עסן טאָרט, אַז די כאָליערע וועט דיך כאַפּן.

(עס עפנט זיך די טיר און דער וועכטער פירט אריין א נייעם ארעסטאנט, דניאלן, — א יונג בחורל פון א יאָר צוואָנציק. אָנגעטאָן אין דער פולער קאטאָרזשנער אמוניציע. א טאָרבע אויף דער פּלייצע. וועכטער שלעפּט א מאטראץ, א קישעלע און א בלאנקעט. גיט עס א שליידער צו דער ערד)

דניאל

גוטן אָוונט, חברים?

וועכטער

(מיט קרימעניש)

גוטן אָוונט? — דאָ איז דיר סיביר, קאַטאָרגע, נישט קיין אַכסניא. אַזאַ יונג פנימל און קריכסט שוין אין דער קאַטאָרגע? דיר געפעלט אויך נישט דער צאַר? האַ? איך וועל דיר דיין יונג פנימל אַלט מאַכן. צעקנייטשן. (גיט אים א זעץ איבערן קאָפּ מיטן פויסט) אָט האָסטו דיר א צוגאָב צו דעם, וואָס דו האָסט געקראָגן אין קאַנצעלאַריע.

דניאל

(האלט זיך קוים אויף די פיס, זיינע אויגן בלאָנדזשען, זוכן שוץ. אלע זיצן מיט די קעפּ ארונטער. דניאל גלייבט זיך אויס. דעם וועכטער אין פּנים אריין.)

אַרויס!

וועכטער

(נעמט ארויס רעוואָלווער פון שייד)

אָ, אַ פויגל! וועסט שוין ביי מיר קלאַפּן מיט די פליגלען. זעסט ווי זיי זיצן און שטומען. — איך האָב זיי איינגעבראָכן — וועל איך דיך אויך איינברעכן. קומסט פון ווילנע — אָט האָסטו דיר ווילנע! (גיט אים א צחייטן זעץ מיטן הענטל פון רעוואָלווער אונטערן זייט. דניאל פאלט צו מיטן פּנים צום



טיש. וועכטער אָפּ. אלע רינגלען ארום דניאלן. פעטער אָן דער זייט שטייט און גליווערט. פעטער, יאָסעף, זינגער העלפן דניאלן קומען צו זיך, בינדן אים פונאנדער דעם כאלאט, נעמען אים איין מיט צערטלעכקייט.)

זינגער

(דערלאנגט וואסער)

טרינקט אביסל וואַסער.

יאָסעף

לאָזט אים בעסער אַוועקלייגן זיך.

דניאל

(טרינקט)

אַ דאַנק, חברים. מיר איז שוין בעסער.

פרץ

מען האָט אונז אַלעמען אַזוי אויפגענומען, חבר.

זינגער

ווייסט מען כאָטש אין לאַנד ווי מען פייניקט אונז דאָ?

דניאל

יאָ מען ווייסט.

פרץ

עס וועט דאָך מוזן קומען אַ רעכענונג!

דניאל

עס וועט קומען, חברים. עס קומט שוין. איבערן גאַנצן לאַנד שטורעמט. — שטרייקן, דעמאָנסטראַציעס. דער צאַריזם ברעכט צו-זאַמען. (טוט זיך א כאפּ פארן זייט) אָ, עס טוט וויי. (ליינט זיך און זעצט זיך גלייך צוריק) נו, אַ דאַגה.

יאָסעף

מיר ווייסן דאָך נאָך אַפילו נישט אייער נאָמען און אויף ווי-פיל איר זענט פאַרמשפּט.

דניאל

מיין נאָמען איז דניאל. פאַרמשפּט אויף צוועלף יאָר פאַר אַגי-טירן צווישן מיליטער. פינף חדשים אין וועג. אַך, אַ וועג! — נו, אַ דאַגה. אַבי איך בין שוין דאָ מיט אייך. איך בין גליק-

לעך וואָס איך בין מיט אייך. — — דאָ באַדאַרף זיך געפינען חבר לעווינע אויך. יאָ?

ד נ י א ל

(Speaker label above: ז י נ ג ע ר)

אַוודאי דאָ, איר קענט אים?

ד נ י א ל

ער קען מיך אויך זייער גוט. זיין שילער געווען. און צווייטנס — דאָס גאַנצע לאַנד קען אים, זיין נאָמען אויף אַלעמענס ליפּן. מען פאַרהייליקט אים. די תּלינים האָבן אים אַזוי געפּייניקט.

ז י נ ג ע ר

געפּייניקט האָט מען אונז אַלעמען.

ד נ י א ל

יאָ, מען ווייסט אַלע פּרטים. — — איר ווייסט, זינט איך בין אַרעסטירט געוואָרן האָט מען מיך שטענדיק געהאַלטן אין איינצל-קאַמערן, איינעם אַליין. און איך האָב אַזוי געבענקט זיצן מיט חברים צוזאַמען אין איין קאַמער, פילן זיך ווי אַ טייל פון אַלע-מען ווי אַ גלייכער שותּף צו אַלע פּייניקונגען. אַז דו זיצסט אַליין אין אַ קאַמער און מען פּייניקט דיך דאָרט — האָבן עפּעס די יסורים קיין זין נישט.

י אָ ס ע ף

און ווו האָבן יסורים יאָ אַ זין?

ד נ י א ל

(קוקט אים אָן)

וואָס? נישט אמת דען? אָבער איך פיל אַזוי. אָט בין איך שוין ענדלעך דאָ מיט אייך. — — אַך, ווי ווייט! ס׳אַראַ העק. און ס׳איז מיר אַזוי גוט וואָס איך בין שוין מיט אייך. — — — כ׳וואָלט זייער וועלן זען חבר לעווינע.

ז י נ ג ע ר

(אויפן אויער צו דניאלן)

איך דאַרף אייך גלייך אַריינציען אין אונזער סוד. מיר פּלאַנע-וועז אַנטלויפן פון דאַנען. מיר גראָבן אַ טונעל פון אונטער דער נאַרע דורכן וואַנט.



ד נ י א ל

אָ, ווי גוט, ווי גוט!

ז י נ ג ע ר

לעווינע איז דאָרט. — ער אַרבעט.

ד נ י א ל

וואונדערבאַר! — — חבר גריגאָרי געפינט זיך אויך דאָ? וועגן אים רעדט מען אויך אַזוי פיל.

ז י נ ג ע ר

(חייזט אָן אויף גריגאָרין)

אָט ליגט ער. — — גריגאָרי, אַ נייער חבר איז דאָ.

ג ר י ג אָ ר י

(הויבט אויף דעם קאָפּ)

זייט געגריסט, חבר.

ד נ י א ל

(נעמט מיט ציטער גריגאָרים האַנט)

ווי פילט איר, חבר גריגאָרי?

ג ר י ג אָ ר י

איך שטאַרב, חבר.

ד נ י א ל

ניין!

ג ר י ג אָ ר י

קען נישט דערלעבן די רעוואָלוציע. די כּוחות גייען אויס.

ד נ י א ל

די רעוואָלוציע קומט באַלד.

ג ר י ג אָ ר י

זי קומט? — אָבער איך שטאַרב. איך שטאַרב. (גיט אַ פאַל אויף צוריק.)

ד נ י א ל

(דערהערט אַ געהאַי פון אונטער דער נאַרע)

וואָס איז דאָרט? וואָס איז דאָרט?

ז י נ ג ע ר

דאָרט ליגט חבר נוקי. אַביסל נישט ביי זיך. ליגט שטענדיק

אונטער דער נאַרע. וויל נישט אַרויסקריכן.

**ד נ י א ל**

(שפּאַנט אַרום איבערן קאַמער, בויגט זיך איין און קוקט
אונטער דער נאַרע.)

**נ ו ק י**

(פון אונטער דער נאַרע מיט אַ צאָרנדיקן געהאָ׳)

וואָס קוקסטו?

**ד נ י א ל**

וואָס מאַכט איר, חבר?

**נ ו ק י**

קוק נישט, מערזאַוועץ! שטעך דיר אַרויס די אויגן בעסער.

**ד נ י א ל**

באַרויִקט אייך, חבר.

**נ ו ק י**

(אויסגעשריי)

באַרויִקן זיך? — אַוועק! (דניאל שטייט אַ פּאַרצייטערמער)

**י אָ ס ע ף**

(זיצנדיק אַ צוזאַמענגעקאָרטשעטער)

נישט אַזוי גן־עדנדיק, האַ?

**ד נ י א ל**

(קוקט אים אָן)

איך פאַרשטיי אייך נישט. (צו זינגערן) פאַרוואָס לאָזט איר אים ליגן אונטער דער נאַרע? ווי קען מען רויִק זיין, ווען אונטן אין פינצטערניש און שמוץ וואַלגערט זיך אַ חבר?

**ז י נ ג ע ר**

נו, וואָס זאָל מען טון? מען געוויינט זיך צו, ברודער. — — אגב, נעמט טאַקע דעם מאַטראַץ אייערן און לייגט אים אַרויף אַהער לעבן מיר. אַ ליידיקער פּלאַץ דאָ. קומט, איך וועל אייך העלפן. (נעמט שלעפן דניאלס מאַטראַץ און קישן, לייגט עס אַרויף אויף בעטערס אָרט)

**ד נ י א ל**

כ׳פאַרשטיי אָבער נישט: אָט ליגן דאָך חברים אויף דער ערד.



זענען זיי דאָך בילכער פאַר מיר.

**י אָ ס ע ף**

מיר איז גוט אויף דער ערד אויך.

**ד נ י א ל**

מאָדנע, מאָדנע. (צו זינגערן) ניין, חבר, איך וועל בעסער אויך ליגן אויף דער ערד.

**ז י נ ג ע ר**

פאַרוואָס? לייגט זיך דאָ.

**ד נ י א ל**

(אין פאַרלאָרנקייט)

כ׳פאַרשטיי נישט, ס׳איז עפּעס מאָדנע. — — איך בין נאָך יונג, געזונט, ס׳וועט מיר נישט שאַטן אויף דער ערד. (שלעפּט אַראָפּ דעם מאַטראַץ צוריק, לייגט אים אויס אויף דר׳ערד לעבן יאָסעפן, זעצט זיך אליין אַרונטער. זיצט געקלעמט און פאַרלאָרן. די טיר עפנט זיך. אַן אויסגעשריי אין קאָרידאָר: טיי, טיי! זאַוולי קאָהערזניקאָה, דער זיידע און פּרץ נעמען טשאַיני קעס. גייען אַרויס פון קאַמער אויף אַפּאָר סעקונדן, קומען אַריין גלייך צוריק מיט אָנגעגאָסענע טשאַיניקעס. זינגער אין דער צייט גייט צו סאַלאָמאָנען, העלבער ליגט אויף דער נאַרע איבערגעדעקט מיטן קאָלדערע איבערן קאָפּ.)

**ז י נ ג ע ר**

וואָס האָסטו זיך איבערגעדעקט איבערן קאָפּ מיטאַמאָל? ביסטו אויך קראַנק?

**ס אַ ל אָ מ אָ י**

איך וויל ליגן, ליג איך.

**ז י נ ג ע ר**

אָבער וואָס איז מיט דיר פּאָרט? (שלעפּט פון אים אַראָפּ די קאָלדערע, קוקט אָן סאַלאָמאָנען מיט שטוינונג, דערזעענדיק ווי סאַלאָמאָן קייט עפּעס ליגנדיק מיטן פּנים אין קישן. שרייט) וואָס טוסטו? וואָס טוסטו? (שפּרינגט אויף מיט נאָך אַ גרעסערן ליאַרם.) פע, פע, אַ חרפּה!

דניאל

וואָס איז דאָרט, חבר?

זינגער

אומדערטערגלעך, מיאוס — האָט זיך איבערגעדעקט מיטן קאָלדרע און עסט אַראָפּגעגנבעטן שאָקאָלאַד.

דניאל

אָבער צו וואָס פאַרשעמען?

זינגער

מען דאַרף. — ס'קריכט פון האַלז. (די חאַס זענען ארויסגעגאַנגען נאָך טיי קומען אַריין צוריק)

פּרץ

וואָס פאַר אַ געוואַלדן?

זינגער

נאַ, זע, ליגט אויף דער נאַרע איבערגעדעקט איבערן קאָפּ, כלומרשט קאַלט איז אים, און עסט שאָקאָלאַד, וואָס ער האָט אַראָפּגענומען אין וועג פון שאַכטל.

פּרץ

(האָט אַוועקגעשטעלט די טיי אויפן טיש)

ס'איז אמת, סאַלאָמאָן?

סאַלאָמאָן

נו, וואָס מאַכט איר אַזוינע געוואַלדן?

פּרץ

מיין געדולד פּלאַצט שוין אויך! (גיט אַ שליידער אָן טיש דעם טאָרט מיטן גאַנצן עסנוואַרג) אין ד'ערד אַריין מיט אַלץ מיט אַנאַנדער! (ער נעמט צוזאַמען דאָס גאַנצע עסנוואַרג און שליידערט עס צו סאַלאָמאָנען אויפן מאַטראַץ) אויס קאָמונע! אויס! נעם עס דיר אין דיין זעקל אַריין. ס'איז דיינס — האָב עס. עס דאָס אַליין. ס'איז דיינס, דיינס, דיינס. — —

סאַלאָמאָן

(אַ פאַרלאָרענער, טראָגט צוריק דאָס עסנוואַרג צום טיש)

נו, מאַך נישט קיין וועזן.



יאָסעף

(שפּרינגט אויף. גיט אַ טופּ מיטן פוס)

גענוג קאָמעדיע! (אַלע צערוקן זיך אין ווינקלען, מיט די פּנימער צום וואַנט. די אָנגעגאָסענע קריגלעך טיי שטייען אויפן טיש, קיינער רירט זיך נישט צו צו זיי. דניאל שטייט אין מיטן קאַמער. קוקט אָן אַלעמען מיט גרויסע טרערן-אָנגעגאָסענע אויגן. נוקי קריכט אַרויס פון אונטער דער נאַרע, בלייבט זיצן אויף דער ערד. קוקט אויף דניאלן, שטרעקט אויס צו אים זיינע הענט.)

נוקי

ברודערקע, וואָס וויינסטו? (נעמט אַ קריגל טיי. ווייל טרינקען, שטעלט עס אַוועק צוריק)

דניאל

(גייט צו צו נוקין און לייגט אַרויף זיינע הענט אויף אים)

גיין, איך וויין נישט.

נוקי

ס'איז גוט. איך זאָג דיר, ס'איז גוט. גלויב מיר. האָסט מיך געהערט וואָיענדיק — אָט וואָיע איך נישט מער. וואָס, מען טרינקט גאָרנישט קיין טיי?

דניאל

איך ווייס נישט. איך פאַרשטיי נישט.

(פון אונטער דער נאַרע קריכט אַרויס לעווינע)

לעווינע

אָ, שוין דאָ טיי? בין שרעקלעך הונגעריק (זעט ווי אַלע זיצן שטום און אָפּגעזונדערט איינער פון צווייטן.) וואָס זיצט איר אַזוי מאָדנע צערוקט איינער פון דעם אַנדערן? וואָס טוט זיך דאָ? וואָס שווייגט איר?

דניאל

(אַן אויפגעלויכטענער מיט פרייד)

חבר לעווינע!

לעווינע

זע, אַ נייער חבר, פון וואַנען? נאָר-וואָס געקומען? (טרייסלט שטאַרק דניאלס האַנט.)

דניאל

ווי גליקלעך איך בין וואָס איך זע אייך, חבר לעווינע. איר דערקענט מיך נישט?

לעווינע

(קוקט אָנגעשטרענגט)

אַזאַ באַקאַנט פנים.

דניאל

איר זענט דאָך מיין לערער געווען. אַנו, דערמאָנט זיך. וויי־סער פלעגט איר מיך רופן.

לעווינע

(איבערראַשט)

דאַניליק! (נעמט אים אַרום און קושט אים) אָ, דאַניליק! זייט איר שוין אויך דאָ, הייסט עס. לאָזט מיך אייך אָנקוקן. זיי האָבן אייך שטאַרק געשלאָגן?

דניאל

יאָ, נישקשה.

לעווינע

דאַניליק טייערער, צו יונג פאַר קאַטאָרגע נאָך. אויף לאַנג?

דניאל

צוועלף יאָר.

לעווינע

צופיל. — — אָ, מיין ליבער.

דניאל

נו, און אַז איר זענט פאַרמשפט אויף אייביקע קאַטאָרגע.

לעווינע

נו, איך בין עפּעס אַנדערש. — — איר זענט נאָך גאָר אַ קינד! (נעמט אים ווידער אַרום) און פונדעסטוועגן איז גוט וואָס איר זענט דאָ מיט אונז. עס בענקט זיך שוין טאַקע נאָך אַ פרישן מענטשן, נאָך אַ נייעם. — — — זע, אָבער וואָס טוט זיך דאָ מיט דער קאַמער היינט? וואָס זיצט איר אַלע איינע צו די אַנדערע מיט די פלייצעס? וואָס עסט איר נישט! וואָס טרינקט איר נישט קיין טיי?



פרץ

אויס קאָמונע.

לעווינע

וואָס איז דאָ אַזוינס פאָרגעקומען? (שטרעקט אויס זיינע הענט) נישט היינט איז די צייט צו פונאַנדערפאַלן, חברים. איך מוז אייך אָנזאָגן, אַז מיר דאַרפן זיין גרייט. די וואַנט צום הויף צו האָט זיך דורכגעבראָכן און איז אָפן.

יאָסעף

(שפרינגט אויף)

נישט מעגלעך. ס'איז שרעקלעך.

לעווינע

(מיט רויקייט)

הערט וואָס איך זאָג אייך. זייט גרייט. זייט גרייט צום אַנטלויפן.

גריגאָרי

(אין ציטערדיקן פיבער)

ניין, ניין, נישט היינט. איר ווילט מיך איבערלאָזן דאָ צום שטאַרבן.

לעווינע

ווערסט זיך שטאַרקן און וועסט מיטגיין

גריגאָרי

איך קען נישט היינט. איך קען זיך נישט רירן פון געלעגער. לאָזט מיך נישט איבער.

יאָסעף

מען וועט נישט גיין, זאָג איך. ס'איז אומזין, ס'איז זיכערער טויט.

לעווינע

אויב איר וועט נישט גיין — גיי איך אַליין.

יאָסעף

מיר וועלן אייך נישט לאָזן.

לעווינע

בין איך נישט קיין באַלעבאָס אויף זיך?

יאָסעף

ניין! וויפל מאָל האָט איר אַליין געזאָגט, אַז יעדער פון אונז איז נאָר אַ טייל. אייערע ווערטער. און ווי קען מען טראַכטן גאָר איבערצולאָזן גריגאָרין?

לעווינע

קיינער טראַכט נישט. ער וועט מיטגיין. — — דו זאָגסט אַ טייל? אַ טייל פון וואָס? פון אָט דער פינצטערער קאַמער? מיר זענען אַ טייל פון עפּעס גרויסעס. און דאָס גרויסע רופט. מיר מוזן אַרויס אויף דער פריי אונטער אַלע אומשטענדן.

גריגאָרי

איר ווילט מיך איבערלאָזן שטאַרבן.

נוקי

שטאַרבן. אַלע שטאַרבן און מיך אַרט נישט. איך וועל בלייבן דאָ. מיר וועט זיין גוט. מיר איז גוט. (איבערן קאָרידאָר צעטראָגט זיך אַ גלאָק און אַן אויסגעשריי: „רעוויזיע!". אַלע אין קאַמער שטעלן זיך אויף, חוץ גריגאָרי. די טיר עפנט זיך און עס קומט אַריין דרוזשינין מיט אַן אויסגעפּאַנצערטער ברוסט. פיר וועכטער מיט געלאָדענע רעוואָלווערן אין די הענט באַגלייטן אים.)

דרוזשינין

זדראַוואָ! (אַלע שרייען חוץ קאָהערזניקאָוו, זאַזולי און דער ייִדע. זיי ענטפערן: „זדראַוויע זשעלאַיעם וואַשע בלאַגאָראָדיע!". דרוזשינין באַקוקט אַלעמען. ציילט זיי איבער. ווייזט מיטן האַנט אויף גריגאָרין) פאַרוואָס שטעלט ער זיך נישט אויף?

לעווינע

(מאַכט אַ טראָט פאָרויס)

ער איז קראַנק.

דרוזשינין

שטיי אויף דיין פלאַץ. — — ער איז קראַנק, זאָגסטו? איך אָנערקען נישט קיין קראַנקע. אַלע דאַרפן אויפשטיין ווען איך קום אַריין. (צו די וועכטער) הייבט אים אויף. (וועכטער גיבן זיך אַ לאָז צו גריגאָרין, לעווינע פאַרשטעלט זיי דעם וועג)

לעווינע

ער האָט פיבער



דרוזשינין

(טיילט מיטן האַנט אויף לעווינען)

נעמט אים אין קאַרצער און דערלאַנגט אים. (וועכטער הויבן אויף די הענט, ווילן אַ זעץ טאָן מיט די רעוואָלווערן איבער לעווינע. אין דער רגע שפּרינגט צו דניאל, שטעלט זיך צווישן לעווינע און די וועכטער.)

דניאל

שלאָגט מיך. נעמט מיך אין קאַרצער. כ׳וועל נישט לאָזן זיך צורירן צו חבר לעווינע. (דניאלס אויסגעשריי און אופן פון צושפּרינגען שטעלט אָפּ אויף אַ רגע די וועכטער)

דרוזשינין

(מעסט אָפּ מיט חוזק דניאלן. האָט הנאה, זעט מען, פון דעם גאַנצן שפּיל.)

ווילסטו מען זאָל דיך שלאָגן? איך שלאָג ווען איך וויל... הם... אַ בלאָנדינקער אַזאַ, אַ יונגינקער. ווייסט שוין אויך פון איינשטעלן זיך פאַר אַ צווייטן. (צו פּעטערן) נו, וואָס שווייגסטו עפּעס? ווילסטו זיך גאָרנישט איינשטעלן פאַר קיין חבר?

פּעטער

(אַ צוזאַמענגעבראָכענער)

נעמט מיך, שלאָגט מיך.

לעווינע

(צו גריגאָרין)

גריגאָרי טייערער, שטעל זיך אויף, גיכער. נעם צונויף דיינע לעצטע כּוחות. — — אַז נישט, וועט זיין אַ קאַטאַסטראָפע.

גריגאָרי

יאָ, יאָ. (מיט אַלע כּוחות קריכט ער אַראָפּ פון דער נאַרע, בלייבט שטיין אין וואַקלעניש)

דרוזשינין

אָט אַזוי, אָט אַזוי. מיר קענען אייך, חולאים. (צו דניאלן) נו, בלאָנדינקער, ווילסט נאָך אַלץ זיך איינשטעלן פאַר חבר לעווינע, ווי דו זאָגסט? ער דאַרף גיין אין קאַרצער. ווילסטו נאָך אַלץ גיין פאַר אים.

דניאל

יאָ, איך וויל גיין. נעמט מיך.

דרוזשינין

נו, גוט. מיר וועלן דיר טאָן די געפעליקייט. (צו די וועכטער) נעמט אים. (די וועכטער גיבן אַ נעם דניאלן, פירן אים ארויס. דרוזשינין אָפּ. די טיר פאַרהאַקט זיך. פון קאָרידאָר הערט זיך ווי מען שלעפּט דניאלן. קלאַפּערייַ און טופּערייַ איבער טרעפּ. געהאַלדער-געשרייען. עס הערט שטיל, איבערן קאָרידאָר טראָגט זיך אַ פאַנאַנדערגעצויגענער קול: לייגט זיך שלאָפן! — — אַלע גיבן זיך אַ שלײַדער אויף די געלעגערס. לאַנגע פּויזע.)

לעווינע

(הויבט אויף דעם קאָפּ)

חברים, זייט גרייט.

יאָסעף

איר מיינט דאָס אויף אַן אמת?

לעווינע

פאַרלירט נישט קיין צייט.

יאָסעף

איך פּראָטעסטיר.

לעווינע

איך זאָג נאָכאַמאָל: זייט גרייט. די קייטן פון די פיס האָט איר פונאַנדערגעקלאַפּט? טוט זיי אויס. אַ לייטער פון שטריק האָבן מיר, נאַכט איז פינצטער. מען וועט אונז נישט באַמערקן. מוט און ווילן.

סאַלאָמאָן

מען וועט אונז כאַפּן.

לעווינע

אויב נישט איצט איז פאַרפאַלן. דער טונעל וועט אויפגעדעקט ווערן. צום לעצטן מאָל זאָג איך אייך. (ער שלעפּט אַראָפּ פון זײַנע פיס די קייטן און לאָזט זיך אַרונטער פון דער נאַרע.)

גריגאָרי

דו לאָזט מיך איבער.



לעווינע

נעם צונויף אַלע דײַנע כּוחות, גריגאָרי.

גריגאָרי

איך קען נישט.

לעווינע

(העלפט גריגאָרין אויפהויבן זיך)

קום, גריגאָרי.

פּרץ

איך גיי מיט אייך!

זינגער

איך גיי אויך. (זיי העלפן גריגאָרין אַרונטערגיין פון דער נאַרע, אָבער יענער פאַלט אַוועק צוריק.)

גריגאָרי

כ'האָב נישט קיין כּוח. נעמט מיך, טראָגט מיך.

לעווינע

אָבער דאָס איז דאָך נישט מעגלעך. (לעווינע, זינגער און פּרץ פּרובירן נאָכאַמאָל שלעפּן גריגאָרין. זעען, אַז עס איז אומזיסט, לאָזן זיי אים אָפּ און פאַרשווינדן אונטער דער נאַרע. גריגאָרי פאַלט אַרויס און בלײַבט ליגן אויפן דיל.)

סאַלאָמאָן

איך וועל דאָ נישט בלײַבן. (אויך אָפּ אונטער דער נאַרע.)

יאָסעף

(פאַלט צו צו גריגאָרין)

קום, איך וועל דיך נעמען, קום. — איך קען אויך נישט איבערבלײַבן. ס'ציט, ס'רופט. (גריגאָרי קלאַמערט זיך אײַן אין אים)

גריגאָרי

דו ביסט אַ טײַערער, יאָסעף. זיי האָבן מיך איבערגעלאָזט, דו וועסט מיך מיטנעמען.

יאָסעף

נו, שטעל זיך אויף, שנעלער. (הויבט אים אויף, פירט אים צו צום פלאַץ וווּ מען דאַרף אונטערקריכן. קריכט פריער אַליין

אונטער און ציט פאר די הענט גריגארין. גריגארי האלט חידער נישט אויס)

גריגאָרי

איך פאַל, איך פאַל.

יאָסעף

(פון אונטן)

שנעל, שנעל. — נו, וואָס זאָל איך טאָן? — — זיי געזונט. (פארשווינדט.)

(גריגאָרי שטייט אויף די קני מיטן קאָפ צוגעוואָרפן צו דער נארע אין פולער אנמאכט. זיידע לעבן אים ברעכט מיט די הענט. קאָטערזניקאָת און זאזולי טוליען זיך אין זייערע געלעגערס.)

פעטער

(איז די גאנצע צייט געשטאנען אן אָפגעזונדערטער. ער האלט נישט אויס און לאָזט זיך אויך מיט האסט צום פלאץ פון אנטלופונג. נוקי שפרינגט אים אויף אנטקעגן.)

נוקי

וווהין?

פעטער

לאָז מיך.

נוקי

דו אויך? דאָ זיי! מיט מיר זיי. איך האָב דיך ליב.

פעטער

ביסט משוגע.

נוקי

(כאפט אים ארום פעסט ביי די אקסלען מיט אזא כוח, אז פעטער פאלט צוזאמען)

איך בין נוקי. איך ווייס אַסך. דו טאָרסט נישט גיין. איך ווייס דעם אמת וועגן אַלץ. — — שאַ, דער שמיד שמידט עמיצן. הערסט, דער האַמער קלאַפּט. — — — ווי זיס דער האַמער קלאַפּט. אייביק, אייביק שמידט דער שמיד. דער זעלבער שמיד. — (צום זיידן) זיידע, זיידע, וואָס טרייסלט איר



זיך אַזוי? לאָזט אַרויס די טאָרבע פון אייערע הענט מיט אייערע שטיוול און מיטן צוקערל. גיט עס אַהער.

זיידע

כ׳האָב מורא, זונעלע, כ׳האָב מורא פאַר דיר. שווייג, זונעלע, שווייג. — און מיין טאָרבע טשעפּע נישט.

פעטער

(ברעכט אויס אין א געוויין)

נוקי

כליפּע נישט, פעטער, כליפּע נישט. זיי האָבן אונז פאַרלאָזן, פאַררעטן, אָבער מען טאָר נישט וויינען. הערסט, פעטער? הערסט ווי דער שמיד קאָוועט? הער וואָס איך וועל דיר זאָגן:

ווי אַ קוש פון אַ פאַררעטער, ווי דאָס געוויין פון הענקער,
אַזוי איז היינט פינצטער די נאַכט,
און איך בין דער איינער וואָס לאַכט
און איך בין דער איינער וואָס וואַכט — — —

(פון הויף דערטראָגט זיך א פייפעריי און א שיסעריי.)

נוקי

סלו—שאַי—!

(פאָרהאנג)

# צווייטער אַקט

(האַלבער טאָג. די זון קריכט אַדורך דורך די פענצטער־לעך. אַלע פּאַליטישע, אַחוץ פעטערן, ליגן אויסגעצויגענע אויף דער נאַקעטער נאַרע. די געלעגערס זענען צעגנומען געוואָרן. עס זעען זיך נאָר דריי געלעגערס אויף דער נאַרע פון זשוּלי, קאָנטערזניקאָוו און דעם זיידן. דער קאַסטאַר פון הונגער־שטרייק הענגט איבער אַלע אויסגעצויגענע גופים. פעטער ליגט איינער אַליין אויפן דיל. נוקי, ווי פריער, אונטער דער נאַרע. ווען דער פאָרהאַנג עפנט זיך, געפינט זיך אין קאַמער דרוזשינין אין באַגלייטונג פון העכטער און טורמע־דאָקטאָר. די דריי קרימינעלע שטייען ביים האַנט אויסגעצויגענע, די הענט אַרונטער.)

דרוזשינין

אַלץ וואָס איך דאַרף וויסן, דאָקטאָר, איז: צי קען מען זיי נאָך לאָזן ליגן אין זייער הונגער־שטרייק, אָדער מען דאַרף זיי שוין אָנהייבן שפּייזן מיט געוואַלד?

לעווינע

(זעצט זיך אויף)

מיר וועלן זיך נישט לאָזן. מיר וועלן הונגערן אַזוי לאַנג, ביז איר וועט נישט אַרונטערנעמען אַלע שטראָפן און נישט נאָכגעבן אונזערע פאָדערונגען.

דרוזשינין

איך גיב קיינמאָל נישט נאָך

לעווינע

וועלן מיר אָט אַזוי־אָ ליגן.



דרוזשינין

דאָס וועלן מיר נאָך זען.

לעווינע

חברים, האַלט וואַך אייער באַוווסטזיין, שטרענגט אָן אייער ווילן.

סאַלאָמאָן

(אין קאָשמאַר)

ווער איז דאָ? ווער דרייט זיך איבערן קאָפּ?

לעווינע

מען וויל אונז שפּייזן מיט געוואַלד, חברים. — האַלט זיך וואַך.

גריגאָרי

ביזן לעצטן אָטעם.

לעווינע

גריגאָרי. (גריגאָרי ענטפערט נישט) גריגאָרי, רעד צו מיר. ווילסטו טאַקע נישט רעדן צו מיר? (ציט זיך אויס צוריק)

דאָקטאָר

(גייט פון איינעם צו איינעם, קוקט אַלעמען אַריין אין פּנים. שטעלט זיך אָפּ לעבן גריגאָרי, באַטראַכט אים לענגער, נעמט אים אָן ביי אַ האַנט.)

גריגאָרי

(שפּרינגט אויף און פאַלט אַוועק צוריק)

ריר זיך נישט צו צו מיר.

דרוזשינין

(צום דאָקטאָר)

שפּייזן אים מיט געוואַלד!

גריגאָרי

כ'וועל יענעם דעם גאָרגל איבערבייסן, ווער עס וועט זיך צו־רירן צו מיר

דאָקטאָר

(אָפּ פון גריגאָרין. בייגט זיך איין, שלעפּט אַרויס פאַר די פיס נוקין פון אונטער דער נאַרע. נוקי ליגט אויסגעצויגן ווי אַ שטיק האָלץ. צו דרוזשינינען)

מינטערן אים?

דרוזשינין

מינטערט. איך דאַרף לעבעדיקע אַרעסטאַנטן, נישט קיין טויטע.
(צו אַ הענטמער) דערלאַנג וואַסער. (הענטמער דערלאַנגט)

דאָקטאָר

(שפּריצט וואַסער אויף נוקין. נוקי קומט צו זיך. עפנט אויף די
אויגן, זעצט זיך האַלב אויף.)

נוקי

אוי, ס'אַראַ ליכטיקייט מיטאַמאָל! אוי, ווער איז דאָ?

דאָקטאָר

פונדעסטוועגן גיט אַ טראַכט, אייער הויכגעבוירט. אַלע גאָלד-
גרעבער פון ראַיאָן אַרום זענען אַרויס אין שטרייק, און גאַנץ
רוסלאַנד קאָכט ווי אַ קעסל.

דרוזשינין

האָט דער שטרייק פון די גאָלדגרעבער צו טאָן מיט זיי

דאָקטאָר

מעגלעך. איין חברה. און מען ווייסט אַלצדינג וואָס דאָ טוט
זיך. זייער הונגער-שטרייק האָט אויפגערודערט גאַנץ סיביר.

דרוזשינין

מיר האָט נאָך קיינער נישט אָפּגעשראָקן.

דאָקטאָר

אַ צו ריזיקאַלע שפּיל.

דרוזשינין

איך האָב ליב צו שפּילן ביזן סוף.

דאָקטאָר

איך האָב אייך געזאָגט מיין מיינונג. ווייטער טוט, ווי אייך
געפעלט.

דרוזשינין

נו, גוט. מירן וואַרטן ביז מאָרגן.

זאַזולי

אייער הויכגעבוירט.

דרוזשינין

וואָס איז?



זאַזולי

נעמט אונז צו פון דאַנען.

קאָווערזניקאָוו

מיר אויך, אייער הויכגעבוירט

דרוזשינין

פאַרוואָס?

זיידע

מיר קענען נישט צוקוקן, אייער הויכגעבוירט. מירן גאָט בעטן
פאַר דיר.

דרוזשינין

איר קענט נישט? מערזאַווצעס. איך האָב אייך באַדאַרפט פאַר
שמייסן, מערזאַווצעס. איר האָט געוווסט, אַז זיי גראָבן אַ טו-
נעל, און איר האָט מיר נישט דערציילט. קומט אייך נישט
קיין שמוץ?

זאַזולי

מיר דאַנקען אונטערטעניקסט דערפאַר, אייער הויכגעבוירט.

דרוזשינין

איך האָב געהייסן אייך געבן גוטן עסן: זופּ און פלייש אַלע
טאָג, איז אייך שלעכט גאָר?

קאָווערזניקאָוו

עס עסט זיך נישט, אייער הויכגעבוירט.

זיידע

ליבינקער, טייערינקער, פאָטערל. אַז מיר קענען נישט צוקוקן.

דרוזשינין

שווייגט. מערזאַווצעס! (צו די הענטמער) מען זאָל זיי געבן
גרעסערע פּאָרציעס פלייש און פעטן זופּ. עס זאָל שמעקן אי-
בער אַלע נאָזלעכער. (צו די דריי) און איר זאָלט מיר עסן,
מערזאַווצעס. איך וועל אַליין קומען זען, צי איר עסט.

זיידע

(טרעט אַרויס אויף אַ שפּאַן. פאַלט אויף די קני)

איך בין שוין אַלט, גנעדיקער. לאָז מיך נישט צוקוקן. כ'קען
נישט. כ'קען נישט. אַז זיי שטאַרבן דאָך אַלע. גייען אויס.

גיב זיי נאָך, גיב זיי נאָך, טייערער.

דרוזשינין

אַזאַ גוטער ביסטו מיר, האַ?

זיידע

האָב רחמנות. איך וועל ביזן טויט גאָט בעטן פאַר דיר.

דרוזשינין

(צו די העכטער)

נעמט אים אין קאַנצעלאַריע און באַווייזט אים רחמנות. (העכטער נעמען דעם אַלטן. אַפּ) און ווו איז יענער, דער יונגינקער, דער בלאָנדינקער? אין קאַרצער נאָך? ברענגט אים אַריין. (אַפּ צוזאַמען מיטן דאָקטאָר און די איבעריקע העכטער. זאַזולי און קאָווערזניקאָוו קריכן אַרויף אויף זייערע געלעגערס.)

זאַזולי

אַזאַ פאַרשאָלטענער.

קאָווערזניקאָוו

אַ רחמנות אויפן אַלטן פונדעסטוועגן. זיי וועלן אים שלאָגן דאָרט.

זאַזולי

נו, נעם די קאָרטן. קורווע די מאַמע זיינע.

קאַווערזניקאָוו

איצט שפּילן?

זאַזולי

אַוודאי, אַוודאי. כ'האָב אַלץ פאַרשפּילט ביי דיר.

קאָווערזניקאָוו

נו, וואָס שטעלסטו אין קאָן?

זאַזולי

איך שפּיל אויף דעם זיידנס זעקעלע צוקער. איינמאָל פאַר אַלע מאָל. כ'וועל עס צונעמען ביי אים.

קאָווערזניקאָוו

אויב נעמען — נעם. און אַז דו וועסט פאַרלירן וועט עס זיין מיינס. איך וועל מיט דעם אַלטן זיך נישט טענהן.



זאַזולי

(נעמט דעם אַלטנס זעקל, בינדט פונאַנדער, נעמט אַרויס פון דאָרט דאָס זעקעלע צוקער, פאַרבינדט צוריק דעם זאַק, לייגט אים אַוועק אויפן פריערדיקן פּלאַץ.)

קאָווערזניקאָוו

אָט אַזוי-אָ. אָט אַזוי. וואָס זאָל ליגן אַ זעקעלע צוקער און שימלען!

זאַזולי

און אַז איך וועל פאַרשפּילן דעם צוקער, שטעל איך אין קאָן מיין געלעגער מיט דעם קישן און קאָלדרע צוזאַמען.

קאָווערזניקאָוו

אַז דו וועסט פאַרשפּילן וועל איך עס צונעמען, זאָלסטו וויסן זיין. איך וועל שלאָפן אויף צוויי מאַטראַצן, און דו אויף דער הוילער נאַרע. וועל קיין רחמנות נישט האָבן.

זאַזולי

רחמנות? נישט געוועזן נאָך דער, ביי וועמען איך זאָל בעטן רחמנות. אין זיינע ציין צריין. אין זיין מאַרך אַריין און אין זיינע הינטישע אויגן אַריין. איך קען אַפילו שטעלן זיך אַליין אין קאָן.

קאָווערזניקאָוו

אָט אַזוי האָב איך ליב. וועסט פאַרשפּילן, וועסטו מיר דאַרפן קראַצן די פּיאַטקעס און לויזן מיר מיין העמד, און רייניקן פאַר מיר די קאַמער.

זאַזולי

שפּיל, אַ כאָליערע. (שפּילן. לאַנגע פּויזע)

לעווינע

(קריכט לאַנגזאַם אַרונטער פון דער נאַרע. באַקוקט אַלע ליגנדיקע חברים. גייט צו צו גריגאָרין, שטעלט זיך לעבן אים האַלב געקניט)

גריגאָרי, איך פרעג דיך.

גריגאָרי

(ליגנדיק)

צו וואָס דאַרפסטו מיין פאַרגעבונג, לעווינע?

**לעווינע**

ווייל ס'איז מאָדנע.

**גריגאָרי**

איך וויל פאַרגעבן און איך קען עפּעס נישט.

**לעווינע**

נו, קען. שוין דריי מאָל, אַז איך בעט עס ביי דיר.

**גריגאָרי**

אָ, פייניק נישט.

**לעווינע**

נו, נו, זאָל זיין. (קערט זיך אום אויף זיין פּלאַץ און גייענדיק פאַרטשעפּעט ער זיך אָן פּעטערן, וועלכער ליגט אויף דער ערד אויפן מיטן פון קאַמער.)

**פּעטער**

(הויבט זיך אויף מיט אויסגעשטרעקטע הענט)

לעווינע.

**לעווינע**

(קוקט אָן דורכדרינגלעך פּעטערן, טראַכט אַ היפּשע ווײַלע. ענטפערט נישט פּעטערן, קערט זיך אָפּ פון אים און לייגט זיך אַוועק צוריק אויף זיין פּלאַץ.)

**פּעטער**

(צו נוקין)

רייד דו כאָטש מיט מיר.

**נוקי**

(קריכט צו צו פּעטערן)

פאַרוואָס זאָל איך נישט רעדן מיט דיר, ברודערקע?

**פּעטער**

אָט זיי אַלע רעדן נישט מיט מיר. באָיקאָטירן מיך, האָבן מיך פאַרשאָלטן. איך הונגער דאָך מיט אַלעמען גלייך.

**נוקי**

האָסט נישט געטאָן קיין שלעכטס.

**פּעטער**

כ'האָב געטאָן. געטאָן. אָבער מען דאַרף מוחל זיין. שטאַרב



איך נישט מיט אַלעמען גלייך?

**נוקי**

נישטאָ קיין שלעכטס. האָסט עס אויסגעטראַכט אַליין, ברודערל. וואָס פאַר אַ שלעכטס קענען מיר דאָ טון? (נעמט אים אַרום האַלז) ביסט אַ ריינער, אַן ערלעכער. האָסט מיך ליב, פּעטער?

**פּעטער**

יאָ, נוקי.

**נוקי**

איך האָב אַלעמען ליב. אַלעמען. איך וועל דיר עפּעס דערציילן. איך האָב אַסך, אַסך געחלומט ליגנדיק אונטער דער נאַרע. פאַרשטייסט, דו מיינסט, אַז איך ווייס נישט וואָס דאָ האָט זיך געטון און וואָס דו האָסט געטון? פאַרשטייסט, ביסט דאָך אַ פאַררעטער.

**פּעטער**

דו אויך?

**נוקי**

נו, זיי נישט טרויעריק. פאַרשטייסט, איך ליג מיטן פּנים צום וואַנט אונטער דער נאַרע אין גאַלע פינצטערניש, און איך ווייס אַלץ, אָבער איך וויל נישט וויסן. דו הערסט, ברודערקע, איך וויל נישט וויסן. איך וויל נישט וויסן. — — — אין יענער נאַכט, ווען זיי זענען געקראָכן צום טונעל, זענען זיי געקראָכן איבער מיר. פאַרשטייסט — איבער מיר. לעווינע האָט מיר מיטן פוס געטראָפן איבערן פּנים, און יאָסעף האָט מיך מיטן שפּיץ פון שוך דערלאַנגט אין ברוסט. אַזוי ווי איך וואָלט געווען אַ טויטע זאַך. פאַרשטייסט, אפשר בין איך טאַקע אַ טויטע זאַך? — — וואָס איז אַזוינס אַ געזיכט? — פליש. און וואָס איז אַ מענטש? — אַפּאָר קייטן. פאַרשטייסט, דער צדיק מעג, ווייל ער איז צדיק. דעם צדיקס וועג דאַרף זיין אַ פרייער, און אַז דו פּלאָנטערסט זיך צווישן די פיס דערלאַנגט מען דיר איבערן פּנים. פאַרשטייסט, אַלע ווילן פרייהייט. אָבער איך נישט, איך נישט: איך וויל נישט קיין פרייהייט.

**פעטער**

כ׳הער דיך דאָס ערשטע מאָל אַזוי רעדן.

**נוקי**

האָסט געהערט ווי גריגאָרי האָט געיאָמערט אין יענער נאַכט? אוי, האָט ער געיאָמערט! און ווען מען האָט זיי אַריינגעבראַכט אַלעמען צוריק צעבלוטיקטע האָט ער זיי געוואַשן דאָס בלוט פון די פנימער. פאַרשטייסט? (קלאַנג פון האַמער) דו הערסט, ווי דער שמיד שמידט? דו הערסט? נאָכאַנאַנד. נאָכאַנאַנד. ער הערט נישט אויף צו שמידן. — — (פאַלט מיטן פנים צו דער ערד.)

**פעטער**

וואָס איז מיט דיר?

**נוקי**

(האַלב פאַרחלשט)

אַדיע, פעטער. דער טויט קומט. — דאָרטן, אונטער דער נאַרע. שטאַרבן וויל איך אונטער דער נאַרע. אַליין. — — אַדיע, פעטער. (קריכט אַהעק אונטער דער נאַרע, פאַרשווינדט.)

**זאַזולי**

גיב אַהער דיין מאַטראַץ, גיב אַהער דיין געלעגער. האָסט פאַרשפּילט, האָסט פאַרשפּילט, קורווע די מאַמע.

**קאָווערזניקאָוו**

נו, נעם, נעם. אין דיין הינטישן טאַטן אַ־יין.

**זאַזולי**

איך קען דערווייזן צו שלאָפן אויף צוויי מאַטראַצן אויך. עס מעג מיר אָנשטיין, און דיר אויך. גיב עס אַהער. (שלעפט קאָווערזניקאָוס מאַטראַץ, לייגט אים אַרויף אויף זיינעם. ציט זיך אויס אויפן אָנגעשטאָפּלטן געלעגער מיט אַזאַ מין צופרידענעם אָנשטעל) אָט, קוק ווי איך ליג מיר ווי אַ גראַף. און דו — אויף נאַקעטן.

**קאָוועריזניקאָוו**

וועסט מיך מיט דעם נישט איבערשרעקן.

**זאַזולי**

אַ מחיה, ווייך. (טעכטער קומט אַריין)



**וועכטער**

העי, אויף שפּאַציר!

**זאַזולי**

ס׳איז קאַלט. אַ פראָסט.

**וועכטער**

נישט גערעדט. געגאַנגען זאָל זיין. (אָפּ מיט די צוויי.)

**פעטער**

(זעצט זיך אויף)

איז שוין גאָרנישטאָ קיין רחמים? (ער שטעלט זיך אויף. בלאָנדזשעט מיט די אויגן איבער אַלע חברים, וואָס ליגן אויסגעצויגן, שפּאַנט צו צו לעווינען.) חבר לעווינע. (לעווינע ענטפערט נישט.) גענוג מיך צו פייניקן. (רופט) חבר לעווינע!

**לעווינע**

(ענטפערט נישט. הייבט אויף דעם קאָפּ, קוקט אויף פעטערן און טוט אַ שליידער דעם קאָפּ אויף צוריק.)

**פעטער**

(גייט צו צו גריגאָרין)

גריגאָרי, ס׳איז איבער מיינע כוחות. זיי מוחל כאָטש דו.

**גריגאָרי**

פאַרראַט איז שווער צו מוחל זיין.

**פעטער**

האָבן דען אַלע דיך נישט פאַרראַטן? אויף הפקר דיך איבערגעלאָזט ביים אַנטלויפן?

**גריגאָרי**

דערמאָן נישט.

**פעטער**

און איצט הונגערסטו אין פראָטעסט, פאַרוואָס מען האָט געשטראָפט די, וואָס האָבן דיך איבערגעלאָזט אויף הפקר.

**גריגאָרי**

איך טו מיין חוב פון אַ רעוואָלוציאָנער.

**פעטער**

איך ווער צעפייניקט.

ג ר י ג אָ ר י

איז גוט אַזוי. טוסט אויך דיין חוב.

ז י נ ג ע ר

רעד נישט צו אים.

פ ע ט ע ר

נו, גוט, רעד נישט צו מיר. איך האָב געזען, ווי יאָסעף האָט דיך געשלעפּט. יאָסעף, — וואָס האָט די גאַנצע צייט געהאַלטן אין איין מוסרן אַלעמען, האָט אַליין ביי דער לעצטער מינוט דיך אָפּגעוואָרפן פון זיך.

י אָ ס ע ף

(שפּרינגט אויף)

ס'איז אמת, איך בין עקלהאַפט!

ג ר י ג אָ ר י

טענהט נישט. רייצט נישט די ווונדן.

פ ע ט ע ר

(אין זיין טאָן)

ווען מען האָט באַדאַרפט ראַטעווען זיך פון קאַרצער, כדי מען זאָל נישט פאַרלירן די מעגלעכקייט צו אַנטלויפן, האָט מען באַדאַי דניאלן געלאָזט אין קאַרצער גיין, און דיך האָט מען אַ קראַנקן געצוווּנגען אויפשטעלן זיך פאַר דרוזשינינען.

ג ר י ג אָ ר י

(מיט אַ געהאַלדיקן אימפּעט שפּרינגט ער אַראָפּ פון דער נאַרע. צו פּעטערן מיט אויפגעהויבענע פויסטן)

ווילסט מיך אויפהעצן? (לויפט אויך צו יאָסעפן) און דו? וואָס קרעכצסטו? האָסט זיך באַגאַנגען מיאוס מיט מיר. — טאָ שווייג. (צו פּעטערן) אויך דו שווייג! אַז נישט — וועל איך — — — איך בין נישט קיין גוטער. ניין. איך טו נאָר מיין חוב. און שטאַרבן וויל איך געלאַסן און רויק. — — איר האָט פאַרראַטן מיך, ד ע ם מ ע נ ט ש ן! — האָט איר באַדאַרפט פאַרראַטן? אויב איר האָט באַדאַרפט — איז גוט. טאָ ק ו ק ט מ י ר ג ל י י ך אין ד י א ו י ג ן. און אויב איר קענט מיר נישט קוקן גלייך אין די אויגן, וויל איך נישט ליגן מער לעבן אייך. מיין פלאַץ איז



אויף דער ערד. אָט דאָ, אויפן דיל. (זעצט זיך אַרונטער אויף דער ערד.)

ל ע ו ו י נ ע

(אַרונטער פון דער נאַרע, גייט צו צו גריגאָרין, ליגט אים אַרויף זיינע הענט אויף די אַקסלען)

שטיי אויף. לייג זיך צוריק אויף דיין פּלאַץ

ג ר י ג אָ ר י

לאָז מיך.

ל ע ו ו י נ ע

איך זאָג דיר: שטיי אויף! — — דו זעסט, איך קוק דיר גלייך אין די אויגן.

ג ר י ג אָ ר י

(שטעלט זיך אויף)

ווער ביסטו? ביסט אַ מאָדנער, ביסט אַ שרעקלעכער.

י אָ ס ע ף

(שפּרינגט-צו האַסטיק צו לעווינען, קוקט אים מיט שנאה אין די אויגן)

און איך האַס דיך!

ל ע ו ו י נ ע

ווייל דו ביסט חרוב.

י אָ ס ע ף

בעסער חרוב זיין, איידער געמיין.

ל ע ו ו י נ ע

וואָס?

י אָ ס ע ף

איך בין געמיין, איך. — — אי חרוב, אי געמיין. דו ביסט ריין. דו ביסט צדיק. דו קוקסט גלייך אין די אויגן פון דעם וואָס דו האָסט מקריב געווען. א י ך פ אַ ל פ ו נ אַ נ ד ע ר. איך גיי אונטער, אונטער, אונטער. (שאַרט זיך אַוועק צו זיין פּלאַץ און פאַלט אַנידער)

ל ע ו ו י נ ע

(נעמט אונטער די אָרעמס גריגאָרין, ליגט אים אַוועק אויף

דער נארע. גלעט אים די הענט און רעדט הייך)
נו ליג, גריגאָרי. איך וועל זיצן לעבן דיר. (ציט זיך אוים לעבן גריגאָרין. גריגאָרי כליפעט)

פעטער

(שפאנט צו צו זינגערן, הערבער ליגט לעבן זאזולים געלע-גער מיטן קאָפ צוגעטוליעט צו זאזולים טאָרבע)

זינגער, דו ביסט געווען דער ערשטער צו באַקאָטירן מיך. דו האָסט מיך אַראָפּגעטריבן פון דער נאַרע. מיר זענען געווען צוויי בעסטע חברים, און דו האָסט מיך אַזוי גרינג אָפּגעוואָרפן פון זיך. זינגער, קוק אויף מיר.

זינגער

(באַוועגט זיך נישט)

פעטער

(קריכט ארויף אויף דער נארע און קוקט מיט אויפמערקזאמקייט אויף זינגערס קאָפּ, וואָס איז איינגעגראָבן אין זאַזולים מאַטראַץ. ער הערט דערשטוינט, דערזעענדיק ווי זינגער קיים עפּעס. גיט א ציטער מיטן גאַנצן גוף)
וואָס טוסטו? ברויט?

זינגער

(הויבט אויף דעם קאָפּ אין גרויס שרעק, טוט א כאַפּ פעטערן פאַר די פּיס, ציט אים צו זיך און פליסטערט)
ש, ש, שווייג. נעם נישט קיין נקמה.

פעטער

איך וועל נעמען. איך וועל אויסשרייען — פאַראַט! ער עסט ברויט!

זינגער

שטיקט צו זיך פעטערן, לאָזט אים נישט עפענען דאָס מויל, פעטער ראַנגלט זיך, ביידע גופים ווערן צונויפגעקלאַמערט, גיבן זיך א שליידער אראָפּ אויף דער ערד מיט א קלאַפּ.
אלע שפּרינגען אויף.)

לעווינע

(נעמט פונאַנדער די צוויי גופים)



איר זענט משוגע געוואָרן? (צו פעטערן) דו וועגסט נאָך הויבן אַ האַנט? געשלעג פאַרפירן?

זינגער

(מיט קלאַפּנדיקע ציין)

ניין, ניין. ער האָט נישט געהויבן די האַנט אויף מיר. באַרויקט אייך. באַרויקט אייך. ס'איז נישט קיין געשלעג.

פעטער

(מיט אויפגעביילטע הענט)

ס'איז יאָ אַ געשלעג! ס'איז יאָ! ווו איז סאַלאָמאָן? זאָל סאַלאָמאָן אויפמאָנען דאָס בלוט, וואָס איז פאַרצאַפּט געוואָרן פון אים פאַרן שטיקל שאָקאָלאַד. סאַלאָמאָן, מאָן אויף, מאָן אויף!

סאַלאָמאָן

(פון דער נארע)

וואָס טוט זיך דאָ? וואָס וויל מען פון מיר?

פעטער

(צו זינגערן)

דו האָסט מיך פאַרשאָלטן, פאַרשטויסן. דו האָסט מיר מיין לעבן פאַרוואַנדלט אין אַ גיהנום, — דו, דו. און איצט — — ניין, כ'וועל נישט נעמען קיין נקמה, דיינע אויגן זענען צו שרעקלעך. (פאלט מיטן פנים צום דיל און זיין גאַנצער קערפּער קאָנוואולסירט)

לעווינע

וואָס איז דאָ געווען, זינגער?

זינגער

גאָרנישט. גאָרנישט. (גיט אויך א פאַ, מיטן פנים אראָפּ אויף דער נארע. אלע צעלייגן זיך. פויזע)

סאַלאָמאָן

פאַרוואָס אַזאַ טומל? דער טויט רוקט זיך שטיל. עפנט פאַר אים די טירן, לאָזט אים אַריין, — — זעט, ס'אַראַ ווייסע הענט ביי מיר. ס'אַראַ בלייכע, און די פינגער בייגן זיך נישט. מיינע פינגער שטאַרבן.

(עס עפנט זיך די טיר און דער וועכטער פירט אריין דניאלן)

ד נ י א ל

(אַ צעפּליקטער, אַ פאַרשמירטער, מיט אַן אָפן ברוסט. קוים האָט ער האַלט זיך אויף די פיס. די קיטן שלעפּן זיך אים נאָך. די אויגן האַלב-בלינד. העכטער אָפּ. דניאל שטייט מבולבל, דערזעענדיק דאָס בילד פון קאַמער. נעמט אַרום דעם קאָפּ מיט ביידע הענט.)

ל ע ו ו י נ ע

(מיט אויסגעשטרעקטע הענט צו דניאלן)

דאַניליק!

ד נ י א ל

איר הונגערט, הייסט עס.

ל ע ו ו י נ ע

זיבן מעת-לעת שוין.

ד נ י א ל

(קלאַפּט מיט די הענט איבערן קאָפּ)

און איך בין מיר געזעסן אין קאַרצער און נישט געוווּסט פון קיין זאַך, און געגעסן דאָס ברויט מיט וואַסער.

ל ע ו ו י נ ע

עס מאַכט נישט, דאַניליק.

ד נ י א ל

עס מאַכט שוין יאָ.

ל ע ו ו י נ ע

(נעמט אים אָן פאַר די הענט)

איר זענט דאָך נישט אין כעס אויף מיר, דניאל!

ד נ י א ל

פאַרוואָס זאָל איך זיין אין כעס אויף אייך?

ל ע ו ו י נ ע

איך האָב אייך געלאָזט גיין אין קאַרצער.

ד נ י א ל

אָ, רעדט נישט אַזוי.

ל ע ו ו י נ ע

איך האָב דאָך באַדאַרפט גיין.



ד נ י א ל

עס כרייט מיך, וואָס איך בין געגאַנגען פאַר אייך.

ל ע ו ו י נ ע

קאַלט דאָרטן?

ד נ י א ל

די פיס זענען מיר אָפּגעפרוירן.

ל ע ו ו י נ ע

קומט אַהער, דאַניליק. וויקלט איין אייערע פיס אין מיין כאַלאַט. (זעצט אים לעבן זיך און וויקלט אים איין די פיס.) עס ווייעט פון אייך מיט אַזאַ ריינקייט און קינדישקייט.

ד נ י א ל

איר פאַרשעמט מיך.

ל ע ו ו י נ ע

יאָסעף זאָגט, אַז מיר אַלע זענען שוין אומריין און פאַרדאָרבן. יאָסעף האָט מיך פיינט.

ד נ י א ל

(דערשטוינט)

אייך פיינט?

ל ע ו ו י נ ע

יאָ, מיך. אפשר דאַרף מען מיך טאַקע פיינט האָבן. — — און איר מיינט נאָך אַלץ, אַז מיר זענען ווער ווייסט וואָס פאַר אַ צדיקים, געטער אמתע.

ד נ י א ל

פאַרוואָס רעדט איר צו מיר אַזוי?

ל ע ו ו י נ ע

מעג איך דאָך אויך אַמאָל זיין אינטים, צי ניין? — דאָרט — דאָרט, אין לאַנד, טוט זיך עפּעס גרויסעס. איך שפּיר עס מיט אַלע מיינע חושים. — — מיר האָבן געוואָלט מיט געוואַלד אַרויסרייסן זיך פון דאַנען, — נו, האָט נישט געגאָלטן. איצט גייען מיר לאַנגזאַם, לאַנגזאַם צום טויט. — — איר הערט ווי דער שמיד קלאַפּט מיט זיין האַמער? (פּויזע) דאַניליק, מען דאַרף אַלץ

פאַרשטיין און קאַלט זיין, קאַלט ווי דער טויט וואָס קומט, ווי דעם שמידס האַמער איז קאַלט, אָט ווי איך בין קאַלט.

דניאל

איר זענט קאַלט?

לעווינע

יאָ, דאַניליק. יאָ, ליבער יינגל. לייגט זיך, רוט זיך אָפּ.

דניאל

איך וויל זיצן.

לעווינע

אייך קוקן אויס מאָדנע מיינע רייד? נו, פאַרשטייט — מיר זענען דאָך שוין האַלב-טויט. און איר זענט ערשט ביים אָנהויב. רעד איך צו אייך אָפן. — — אונזערע נעמען קלינגען איבערן לאַנד, ווערט שוין במילא ביי אַלעמען אַ פאָרשטעלונג, אַז מיר זענען נישט נאָר גרויסע רעוואָלוציאָנערן, נאָר אויך הייליקע.

דניאל

פאַרוואָס ווילט איר צעשטערן אין מיר די פאָרשטעלונג וועגן אייך?

לעווינע

איך מוז. די לעגענדע וועגן הייליקייט און גוטסקייט מוז מען צעשטערן. ס'איז אַ ליגן וועגן אונז. מיר זענען נישט קיין גוטע, דאַניליק. מיר זענען אפשר גאָר רשעים.

דניאל

הערט אויף אַזוי צו רעדן.

לעווינע

איר וועט אפשר בלייבן דער איינציקער נאָך אונז. זאָג איך אייך — גרייט אָן וואָס מער ווילן. צוויי זאַכן זענען דאָ אויף דער וועלט: טויט און ווילן.

דניאל

(באפרייט זיך פון אונטער זיינע הענט. גייט ארונטער פון דער נארע)

אייערע רייד שרעקן מיך.



לעווינע

(ווי אַן אַלטער פויגל, האָט פאַרצוקט אַ קלענערן)

פאַרוואָס זאָל עס אייך שרעקן? גרייט זיך אויף אַלץ. יעדע געלעגנהייט, וואָס איר קענט אויסנוצן צו אַרויסווייזן אייער ווילן, נוצט אויס. יעדע ענדערונג, וואָס איר קענט אַריינברענגען אין דעם פאַר גליווערטן סדר פון דער וועלט, ברענגט אַריין. גוטסקייט און צדקות האָט די וועלט גענוג. די וועלט דאַרף האָבן ענדערונג. מער גאָרנישט. און ענדערן די וועלט מוז מען, אַפילו ווען דער מענטש אַליין קען זיך נישט ענדערן. און אַפילו ווען מען דאַרף גיין איבער לעבנס פון נאָענטסטע. (ער שטעלט זיך אויף די קני.) דאַניליק, אויב איר קענט עפּעס ענדערן אין דער וועלט אָט איצט-אָ און איר דאַרפט ברענגען מיך פאַר אַ קרבן — — —

דניאל

וואָס רעדט איר?

לעווינע

איך זאָג דאָך אייך, — אויב איר דאַרפט מיך ברענגען פאַר אַ קרבן — ברענגט.

דניאל

אָ, ניין, ניין.

לעווינע

און אויב איך וואָלט באַדאַרפט אייך ברענגען פאַר אַ קרבן — —

דניאל

וואָלט איר געבראַכט?

לעווינע

יאָ.

וועכטער

(שליסט אויף די טיר, ברענגט אריין א פאיאָק ברויט און שרייט)

העי, דו פון קאַרצער, נעם דיין פּאַיאָק.

דניאל

נעם עס צוריק. הונגער-שטרייק.

וועלטער

טו וואָס דו ווילסט. (לייגט אַוועק דאָס ברויט אויף דער נאַרע.)

לעווינע

מיין מיינונג איז, אַז איר דאַרפט נישט מיטהונגערן מיט אונז.

דניאל

(געפּלעפט)

וואָס רעדט איר? איר וועט הונגערן און איך זאָל עסן!

לעווינע

ווען איר וואָלט געווען מיט אונז פון אָנהייב שטרייק — וואָלט אַנדערש געווען. אָבער איצט — נו, סאָלידאַריטעט, טיילן דעם גורל, און אַזוי ווייטער — ס'איז דאָך אָבער נישט מער ווי פּאַראורטייל. ווייל — נוצלאָז. ס'איז דאָ אַ מאָמענט, ווען אַפילו אַ טאַטע מוז פירן צו דער עקדה זיין איינציקן זון, און עס איז דאָ אַ מאָמענט, ווען מען טאָר נישט מקריב זיין אַפילו אַ שוועבעלע. ס'איז דאָ אַזאַ ליבשאַפט וואָס מען דאַרף זי נישט. — — נעמט דעם פּאַיאָק און עסט.

דניאל

נישט אַנדערש, אַז איר פּרובירט מיך אויס.

לעווינע

איך האָב אייך ליב. (מיט אַ באַפעלנדיקן קול) איך באַשטיי איר זאָלט עסן. איר הערט וואָס איך זאָג אייך: איך באַשטיי!

דניאל

(רוקט זיך אָפּ פון אים מיט שרעק)

איך האָב מורא פאַר אייך. עס ווערט מיר קאַלט אין אַלע גלידער.

לעווינע

(מיט אויסגעשטרעקטע הענט)

ס'איז נאָך גאָרנישט אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט, — אַז אָט ווי מיר גרייטן זיך צום שטאַרבן זאָל מיטאַמאָל אַ בראָך טון זיך די טורמע. און עס זאָל קומען די פרייהייט. — — האַ, דאַניליק, וואָס וואָלט איר געזאָגט דערויף, האַ? — — אָט קומען מיר אַרויס און נעמען איבער גאַנץ סיביר אין אונזערע הענט.



— האַ? וואָס וואָלט איר געזאָגט דערויף? — — וואָס שטייט איר און פיבערט?

דניאל

(האָט פּלוצלינג עפּעס באַמערקט אויף פּעטערן, וועלכער ליגט אויפן דיל. ער נעמט שרייען)

בלוט! פּעטער ליגט אין בלוט! (בייגט זיך איין איבער אים, נעמט אים פאַר די הענט) אוי, ער האָט זיך איבערגעשניטן די אָדערן פון די הענט? (אַלע שפּרינגען אַראָפּ פון דער נאַרע.)

לעווינע

(לויפט צו דער ערשטער צו פּעטערן)

פּעטער, פּעטער!

דניאל

נו, אָט האָט איר שוין אַ קרבן.

פּעטער

זייט מיר מוחל.

לעווינע

מיר זענען אייך מוחל. פאַרבינדט אים די הענט. (מען פאַרבינדט אים די הענט מיט אַ פונאַנדערגעריסענעם האַנטעך, מען טראָגט אים אַרויף אויף דער נאַרע. אַלע אַרום אים.)

פּעטער

נו, אָט ליג איך צוריק מיט אייך אויף דער נאַרע. גיט עס נישט איבער אין קאַנטאָר. זאָל דרוזשינין נישט וויסן. זייט נישט אין כעס אויף מיר.

(עס קומען אַריין קאַטערזשיקאָוו און זאַוולי מיט אַ קעסעלע געקעכץ אין די הענט, שטעלן עס אַוועק אויף דער נאַרע לעבן זייערע געלעגערס. עס שלאָגט אַ פּאַרע און דער ריח פון פלייש צעטראָגט זיך איבערן קאַמער, אַלע הונגער-שטרייקער באַהאַלטן זייערע פּנימער אַרונטער. זאַוולי און קאַטערזשיקאָוו נעמען אַרויס ברויט, גרייטן זיך צו עסן און קענען עפּעס נישט אָנהייבן)

זאַוולי

וואָס וואַרטסטו? צעשנייד דאָס פלייש.

קאָוועריזניקאָוו

נו, שנייד.

זאַזולי

אוודאי, מען דאַרף עסן.

קאָוועריזניקאָוו

מיר קענען גאָרנישט העלפן.

זאַזולי

וואָס קענען מיר טון?

קאָוועריזניקאָוו

(גיט אַ שליידער מיטן לעפל אָן דיל)

אין דר'ערד אַריין מיטן פלייש מיט אַלץ מיטאַנאַנדער. אין די געדערים, אין די קישקעס, אין האַלז אַריין!

זאַזולי

(פלוצלינג)

זע, מיין זעקל איז אָפן. און מיין ברויט איז אָנגעביסן — ווער האָט עס געקאָנט עסן פון מיין ברויט?

קאָוועריזניקאָוו

טאַקע מאָדנע. זע, בלוט אויפן דיל.

זאַזולי

ס'איז שרעקלעך, ברודערקע.

(ס'קומט אריין דרוזשינין מיט די פריערדיקע העכטער.)

וועכטער

סמירנאָ!

(זאַזולי און קאָוועריזניקאָוו ציען זיך אויס פאר דרוזשינינען.)

דרוזשינין

נישט געגעסן נאָך, מערזאַוועצעס?

זאַזולי

אָט עסן מיר, אייער הויכגעבורט.

דרוזשינין

געשמאַק פלייש?

קאָוועריזניקאָוו

זייער געשמאַק, אייער הויכגעבורט.



דרוזשינין

איך וויל זען ווי איר עסט. וואָס פאַררוקט איר דאָס שיסל? עסט מען זאָל הערן, זופט שטאַרק, מערזאַוועצעס. שטאַרק, זאָג איך?

זאַזולי

מיר זופן, אייער הויכגעבורט.

דרוזשינין

מען זאָל הערן פונדאַנען. איצט בין איך אויפגעלייגט, — אַז נישט, וואָלט איך מיט מיין אייגענער האַנט אייך אַריינגעציילט צו פינף און צוואַנציק שטיק, ווי נישט לאַנג דעם אַלטינקן. (צו אַ העכטער) און ווו איז דער אַלטינקער? אין קאַרצער? געגוג פאַר אים די שמיץ, וואָס ער האָט געקראָגן. ברענגט אים אַריין. איך בין גוט אויפגעלייגט היינט. (אַ העכטער אָפּ) עסט און זופט און לעקט די ליפן, און קנאַקט גוט מיט די ציינער. (צו זאַזולין) דו ביסט דאָך מיר אַ טענצער, — וועסט פאַר מיר טאַנצן אַביסל

זאַזולי

מיינע פיס זענען מיר געשוואָלן, אייער הויכגעבורט.

דרוזשינין

נישט גערעדט. (צו די העכטער) ברענגט מיר אַריין אַ בענקל. (אַ העכטער אײַלט און ברענגט אריין אַ טאַבורעט, דרוזשינין זעצט זיך) עס געפעלט מיר ווי זיי ליגן. זאָל זיך קאָכן דאָס לאַנד וויפל עס וויל זיך — מיך וועט עס נישט אָפּשרעקן. די גאָלדגרעבער זענען אַרויס אין שטרייק, — דאָס געפעלט מיר אויך. מיר האָבן גענוג קאַמערן און גענוג קייטן פאַר אַלעמען. (שטעלט זיך אויף און באַטראַכט די ליגנדיקע) זיי שלאָפן? — מיר וועלן זיי דעם שלאָף איבעררייסן. (אַ העכטער פירט אריין דעם אלטן, העלכער האלט זיך קוים אויף די פיס.) נו, וואָס מאַכסטו, אַלטינקער? זעסט, איך האָב געהייסן דיך אַרויסלאָזן פון קאַרצער.

זיידע

גאָט זאָל דיך בענטשן, הויכגעבורט.

**דרוזשינין**

גיט אים עסן, גיט אים זופּ. נעם, אַלטינקער, עס.

**זיידע**

לאַנג לעבן זאָל דיין הויכגעבורט. אָבער עסן ווילט זיך נישט.

**דרוזשינין**

עס, זאָג איך! גיט אים אַ לעפל. (דער אלטער, מיט ציטערדיקע הענט, נעמט עסן.)

**דרוזשינין**

(צו זאַזולין)

טאַנץ פאַר מיר דיין קייטן-טאַנץ. און טאַנץ גוט.

**זאַזולי**

(מיט געבעט)

אייער הויכגעבורט.

**דרוזשינין**

קיין וואָרט נישט מער.

**זאַזולי**

(געזעגנגענערהייט הייבט ער אָן טאַנצן. יאָגט זיך איבערן דיל.)

**דרוזשינין**

שטאַרקער! שטאַרקער! דו ביסט אַ גוטער טענצער, מערזאַוויעץ

**זאַזולי**

(גייט אריין אין אַזאַרט, ברענגט ארויס דורכן צוקלאַפּן מיט די קייטן אַ מאָדנעם ריטם, דעם גאַנצן שוידער פון געפאַנגשאַפט און בענקשאַפט נאָך פרייהייט. דרוזשינין שמעלצט זיך פון נחת, קלאַפּט צו מיטן פוס און מיטן שווערד. אין דער אָפענער טיר קלייבן זיך אויף אלע חעבטער.)

**לעווינע**

(הייבט זיך אויף מיט געשריי)

אויפהערן טאַנצן!

**דרוזשינין**

(שפּרינגט-אויף)

דו וואַגסט!



**לעווינע**

(מיט אויסגעשטרעקטער האנט)

איך זאָג אויפהערן טאַנצן. (זאַזולי הערט אויף. דרוזשינין חילדר פאַר כּעס.)

**דרוזשינין**

טאַנץ, טאַנץ! (צו לעוינען) דו הונט איינער! (צו די חעבטער) נעמט אים! פאַרשמייסט אים! (מיטאַמאָל הערט צווישן די חעבטער אַ טרעוואָגע. איינער לויפט צו צו דרוזשינינען און זאָגט אים עפּעס אויפן אויער. דרוזשינין, ווי אַן אונטערגעשאָסענער, נעמט שרייען) אַרומרינגלען די טורמע מיט סאָלדאַטן! אַוועקשטעלן נאָך וועכטער ביי אַלע טירן! שנעלער! שנעלער! (כאַפּט ארויס זיין רעוואָלווער פון שייד און לויפט ארויס. נאָך אים אלע חעבטער. קאַמער פאַרשליסט זיך. מהומה. טומעריי אויף טרעפּ. שלעסער קלאַפּן. אַ פּויק נעמט פּויקן טרעוואָגע. אלע פון קאַמער ווערן ארומגעכאַפּט מיט שרעק און אנונג פון עפּעס אַן אומגליק.)

**לעווינע**

מיר דאַרפן זיך גרייטן אויפן ערגסטן. ער וויל אונז אַלעמען אויסשיסן. פרץ, זינגער, מוטיקער — קומט אַהער! דאַנילוק, לאָמיר פאַרבאַריקאַדירן די טיר מיטן טיש. (שלעפּן דעם טיש צו דער טיר. די מהומה אין דרויסן ווערט שטאַרקער. דורך די קראַטעס פון טיר שטעכן זיך אריין באַיאָנעטן. עס דערהערן זיך שאָסן.)

**לעווינע**

צעלייגט זיך אויף דער ערד. (אלע צעלייגן זיך.)

**זיידע**

(האָט אין מיטן דערמאָנט זיך אָן זיין טאָרבע, בינדט זי אָפּ. דאָס צוקער פעלט אים. ער מאַכט יאָמערלעכע געוואַלדן)

מיין צוקערל איז נישטאָ! ווו איז מיין צוקערל?

**זאַזולי**

שטיל. שווייג.

**זיידע**

(נישטערט איבער אלע חינקלען)

גיט מיר אָפּ מיין זעקעלע צוקער! גזלנים! מערדער!
(עס טוט אַ קנאַל פּלוצלינג פון אַלע זייטן. די הענט ציטערן. מיטאַמאָל דערהערן זיך אומגעריכטע קולות ווי אין חלום קולות ענלעכע צום געזאַנג פון מאַרסעליעזע.)

לעווינע

מאַרסעליעזע!
(אַלע אין פאַרגליווערונג הערן זיך איין. מאַרסעליעזע הערט זיך קלערער. באַגלייט פון הורא-געשרייען און שיסערייַ. באַיאָנעטן פון טיר פאַרשווונדן)

דניאל

זעט, נישטאָ די באַיאָנעטן. לאָמיר ברעכן די טיר. (זיי נעמען מיטן טיש און זעצן אין טיר אַריין. די קלעפּ הילכן ווי פון אַ פּאַס אַרויס. די שלעסער קרעכצן און גיבן נאָך. מאַרסעליעזע און הורא-געשרייען דערנענטערן זיך צום טיר.)

קולות

(הינטערן טיר)

עפן, עפן, הונט איינער!
זאָל לעבן די פרייהייט!
זאָלן לעבן די פּאָליטישע קאַטאָרזשניקעס!
עפן, עפן!

קול פון וועכטער

האָט רחמנות. שלאָגט נישט.

אַלע פון קאַמער

(זעצן אין טיר מיט די לעצטע כוחות. ענטפערן אָפּ)

זאָל לעבן דער אויפשטאַנד!
(די טיר הערט אויפגעבראָכן. אין קאַמער פאַלט אַריין אַ צעבלוטיקטער דער וועכטער. נאָך אים אַ מחנה גאָלדגרעבער רעוואָלוציאָנערן, מיט פאָנען אין די הענט, טרעטן איבער וועכטער. גאָלדגרעבער כאַפּן אַרום די אַרעסטאַנטן, היבן זיי אינדערהייך ווילד און צעפלאַמט. די אַרעסטאַנטן, אויסגעמאַטערטע פון הונגער און אויפרעגונג, האַלטן זיך קוים אויף די פיס)



אויסגעשרייען

זאָל לעבן חבר לעווינע!
(מען הייבט אים אינדערהויך. לעווינע באַפרייט זיך פון זיי און שטעלט זיך אויף דער נאַרע)

לעווינע

צום אַלעם ערשט נעמט פּעטערן, דעם חבר, וואָס ליגט אויף דער נאַרע, און טראָגט אים שנעל אין שפּיטאָל. שנעל. אויך די חברים, (באַווייזט אויף גריגאָרי און סאָלאָמאָנען) אויך זיי טראָגט אין שפּיטאָל. (אַ גרופּע נעמט די קראַנקע אויף די הענט. נייען צום טיר, אָבער ביים טיר שטויסן זיי זיך אָן אַן עולם, וואָס שפּאַרט אינעווייניק אַריין און וואָס וואַרפט זיך אויפן האַלב-טויטן וועכטער.)

קולות

ער לעבט נאָך. דערענדיקט אים.

דניאל

מען דאַרף נישט. מען דאַרף ניעט.

קולות

איר האָט רחמנות אויף אייער תליון, חבר?

דניאל

לאָזט דורכטראָגן די חולאים! טויט נישט, הרגעט נישט. (מישט זיך אַריין און ראַנגלט זיך מיטן עולם.)

לעווינע

(שרייט צו דניאלן)

מישט זיך נישט. איצט ווילט איר אויך גוטסקייט? צדקות?

קולות

ער איז טויט, דער הונט.
לאָזט דורכטראָגן די קראַנקע חברים. (מען טראָגט זיי אַרויס)
ווו איז דער שמיד? אַראָפּגענומען די קייטן פון זייערע פיס. אויפן הויף פונאַנדערשמידן זיי. אונטערן פרייען הימל.
זאָל חבר לעווינע אונז עפּעס זאָגן.
חבר לעווינע, חבר לעווינע.

לעווינע

איצט רעדן אַסך דאַרף מען נישט, חברים. מיר האַלטן זיך קוים אויף די פיס פון הונגער. מיר זענען אייערע.

קולות

אונזערע, אונזערע. דער אויפשטאַנד וואַרט אויף אייך.

זאַזולי

לאָזט אונז נישט איבער דאָ. באַפרייט אונז אויך.

לעווינע

אַלעמען באַפרייען. איר וועט גיין מיט אונז.

זיידע

קינדערלעך טייערע. זען די ליכטיקע פרייהייט.

לעווינע

איז דרוזשינין אַרעסטירט?

קולות

ניין. ער האָט זיך אַרויסגעדרייט פון זונטערן האַנט.
מיר וועלן אים כאַפּן.
איר וועט דאָך זיין מיט אונז, הבר לעווינע?
איר וועט אָנפירן מיטן אויפשטאַנד.

לעווינע

אַלע גאָלדגרובן זענען אין שטרייק?

קולות

אַלע.

לעווינע

און געווער האָט איר?

קולות

יאָ. יאָ.

(עולם טראָגט לעווינען און די אַנדערע אַרעסטאַנטן אויף די הענט אַרויס פון טיר.)

דניאל

(ביים טיר, פלוצלינג)

אוי, נוקין האָבן מיר פאַרגעסן. (שלעפּט אויף צוריק עטלעכע פון עולם, בייגט זיך איין אונטער דער נאַרע און ציט אַרויס



נוקין. נוקי איז נישט אויף דער וועלט. ער הערט נישט. הייסט נישט, וואָס אַרום טוט זיך.)

דניאל

(מינטערט אים)

נוקי, נוקי! עפן די אויגן. קום צו זיך. זע — פרייהייט. רעוואָלוציע.

נוקי

האַ, וואָס פאַר אַ טומל?

דניאל

ברענגט אַריין דעם שמיד אַהער. שנעל. (איינער אָפּ און קומט גלייך צוריק מיטן שמיד) מיר זענען פריי, נוקי. דאָס פאָלק באַפרייט אונז. אָט איז דער שמיד! נוקי, אָט איז דער שמיד. דער שמיד. (צום שמיד) שמידט אים פונאַנדער!

שמיד

(קאַלטבלוטיק)

נו, אַוודאי. ווי דען? — פונאַנדערשמידן. (לייגט אַרויף נוקיס פיס אויף אַ קליינער קאַטאַדלע. אַ זעץ מיטן האַמער. די קייטן פאַלן אַראָפּ. אַ הילכיקער הוראַ. נוקי צוזאַמענגעפאַלן באַגרייפט נאָך נישט וואָס מיט אים טוט זיך. שמיד אָפּ.)

דניאל

זע, נוקי, נישטאָ קיין קייטן אויף דיינע פיס. קום צו זיך.

נוקי

(הויבט אָן קומען צו זיך. זיין פּנים הערט ביסלעכווייז ליכטיק)
פרייהייט! פרייהייט! — וואָס, מען לאָזט אונז אַרויס?

דניאל

(דריקט אים צו זיך)

קום, נוקי. (פירט אים)

נוקי

(קומט צום טיר, ווו עס ליגט דער טויטער וועכטער. גיט פלוצלינג אַ שפרונג אויף צוריק. זיינע אויגן ווערן צוריק פינצטער)

װער ליגט דאָ בײם שװעל? — טױט. טױט. טױט. בלוט.
(פאַלט װידער צוזאַמען.)

ד נ י א ל

נעמט אַװעק דעם טױטן פון װעג. (מען שלעפּט אַװעק דעם טױטן)

נ ו ק י

איך װעל נישט גײן. בלוט אױפן שװעל. אײביק בלוט. איך װעל נישט גײן. (רײסט זיך אַרױס מיט געװאַלד און נעמט צוריק קריכן אונטער דער נאַרע.)

נ ו ק י

נעמט אים, חברים!

(אַלע נעמען נוקין אַ צוזאַמענגעפּאַלענעם אױף די הענט, פאַרװאַרפן אים אױף די אַקסלען און טראָגן אים אַרױס. די גאַנצע לופט אַרום שטורעמט מיט מאַרסעליעזע-געזאַנג, הורא און האַמער-קלאַפּ און קײטן-צוזאַמענבראָך.)

(פ אָ ר ה א נ ג)

# דריטער אַקט

(אין אַ האָך אַרום. די זעלבע קאַמער. די פענצטער אױסגעבראָכן, אױך די טיר. אָװנט. װען דער פאָר-האַנג הײבט זיך אױף איז די קאַמער לײדיק. פיר באַ-האַפנטע אַרבעטער פון די גאָלדגרובן פירן אַרײַן קאָװע-זניקאָװן און זאַזולין.)

ע ר ש ט ע ר  אַ ר ב ע ט ע ר

באַדאַרפט אײך דעם קאָפּ אַראָפּנעמען און פּטור. װאָלט איר געװוּסט דעמאָלט װי אַזױ בײ אונז אַרבעטער צו גנבענען און ראַבירן.

צ װ ײ ט ע ר  אַ ר ב ע ט ע ר

צװינגען אונז צו װערן טורעמשטשיקעס, — פאַרשאָלטן זאָלט איר װערן.

ד ר י ט ע ר  אַ ר ב ע ט ע ר

האָט זיך טאַקע געלוינט צו באַפרײען זײ גלײך מיט אַלע חברים, אַרײַננעמען זײ צו אונז, געבן זײ עסן. — אָט באַצאָלן זײ אונז מיט מאָרד און רױבערײ.

ע ר ש ט ע ר  אַ ר ב ע ט ע ר

דעם צאַרס אַרמײ שפּאַרט פון אַלע זײטן, װיל אונז אַרום-רינגלען, יעדער טומל און אומאָרדענונג איז ממש אַן אומגליק פאַר אונז — קומט איר, פאַרשאָלטענע, מיט אײערע באַנדעס.

ז אַ ז ו ל י

שאַ, שאַ, שרײט נישט, װײנט נישט. איר האָט דאָך אונז שױן דאָ — סאָ װײנט נישט.

פערטער אַרבעטער

דו רעדסט נאָך? אָט וועל איך מיט איין זעץ דעם קאָפּ דיר אַראָפּנעמען.

זאַזולי

נו, וואָס וועסטו שוין האָבן, אַז דו וועסט אַראָפּנעמען מיין קאָפּ? אַ טייערע מציאה מיין קאָפּ. ביי וועמען אַנדערש האָבן מיר געזאָלט גנבענען? אַז די באַלעבאַטים פון די גאָלד־גרובן האָט איר פאַרטריבן, און איר זענט אַליין געוואָרן די באַלעבאַטים, — נו, איז ווּהין האָבן מיר געזאָלט גיין גנבענען?

ערשטער אַרבעטער

ער ווילצלט זיך נאָך.

פערטער אַרבעטער

דערלאַנג אים און פאַרטיק.

זאַזולי

גאַנצע קנאַקערס, קוק זיי אָן.

ערשטער אַרבעטער

וואַרט, מיר וועלן אייך נאָך משפטן. מיר וועלן אייך אַרויספירן אויפן מיטן דאָרף. און די אַרבעטער פון אַלע גאָלד־גרובן וועלן אייך משפטן.

זאַזולי

משפט, משפט. האָסט געטראָפן וועמען איבערצושרעקן מיט משפט. איין שוואַרץ יאָר. איין טורמע אומעטום. — — וועסט נישט איבערשרעקן. — — — איר ווילט אַראָפּוואַרפן דעם צאַר, פאַרכאַפּן ביי די רייכע זייער גאָלד — ווער לאָזט אייך נישט? טוט אייך. אָבער מיר ווילן אויך אַביסל גאָלד.

ערשטער

פלאַפּלסט און ווייסט נישט וואָס דו פלאַפּלסט. ווו האָסטו געזען גאָלד ביי אונז? שטיק גולם דו. אַז דיין גנבישער קאָפּ קען אַנדערש נישט באַנעמען ווי נאָר גנבענען, צוכאַפּן פאַר זיך. ווּיפל מאָל האָבן מיר אייך געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מיר האָבן דערקלערט איבערן גאַנצן צפון־ראַיאָן פון סיביר אַ קאָמונאַלע חירטשאַפט, די גאָלד־גרובן און אַלע הייזער און קאַנטאָרן זאָלן



באַלאַנגען צו די וואָס אַרבעטן אין זיי, און דאָס גאַנצע לאַנד זאָל זען אונזער ביישפּיל און טון אַזוי ווי מיר, — קומט איר און ראַבירט ביי אונז,ביים אַרבעטער־פאָלק.

זאַזולי

מאַלע וואָס איר האָט אייך דערקלערט דאָרט, — אָבער מיר ווייסן, אַז עס וועט נישט אויסהאַלטן. דעם צאַרס מיליטער שפּאַרט אַהער.

פערטער

וואָס איז דאָ צו ריידן מיט זיי? דערלאַנג אים אין מאָרדע און פאַרטיק.

זאַזולי

נאָר דו האַלסט אין איין דערלאַנגען, בריה מיינער.

צווייטער

שווייג. האָב דרך־ארץ.

זאַזולי

שוין באַלד ווי דרוזשינין.

קאָווערזניקאָוו

אויך מיר טורעמשטשיקעס! ווייסן אַפילו נישט ווי אַזוי אַ קאַמער צו פאַרשליסן.

ערשטער

זאָרג זיך נישט. מיר וועלן אייך גוט פאַרשליסן.

זאַזולי

אויב דו ביסט שוין יאָ אַזאַ באַלעבאָס — טאָ שטעל אַריין שויבן. זעסט נישט, אַז ס'איז קאַלט דאָ?

קאָווערזניקאָוו

טאָ שטעל אַריין אַ נייעם שלאָס אין טיר. דער אַלטער איז דאָך צעבראָכן.

ערשטער

זאָרגט אייך נישט, ס'וועט זיין אַ שלאָס אויך.

זאַזולי

טאָ ברענג מיר מיין פּאַיאָק, ברענג מיר. און אַ מאַטראַץ און אַ קישן. און ברענג מיר טיי.

פערטער

טיי? — וועסט טרינקען פעך ביי אונז.

זאַזולי

(מיט אַ האַלב-וויינענדיקן קול)

כ׳וויל עסן. אַן אַרעסטאַנט דאַרף מען געבן עסן. טאָ גיב מיר. קורווע די מאַמע דיינע.

צווייטער

(מיט כעס)

קריכט אַרויף אויף דער נאַרע און לייגט זיך. (אַז יענע פאָלגן נישט, נאָכאַמאָל) לייגט זיך, זאָג איך. (ער ציט ארויס אַ רעוואָלווער) מיר וועלן אייך באַווייזן, צי עס איז אַ וויץ צי נישט: — איר צווינגט אונז צו ווערן טורעמשטשיקעס, פאַרשאָלטן זאָלט איר ווערן! לייגט זיך און רעדט נישט אָנטקעגן.

(זאַזולי און קאָהערזניקאָוו, בלייכע, קריכן אַרויף אויף דער נאַרע. ציען זיך אויס און בלייבן ליגן. עס קומען אַריין זינגער און פּרץ, אָנגעטאָן אין האַלב-אָנגעטראָגענע אַרעסטאַנסקע כאַלאַטן מיט הויכע שטיוול אויף די פיס.)

זינגער

וואָס איז דאָ פאַר אַ טומל?

ערשטער

גנבים אַזוינע; מיינען, אַז ס׳איז אַ שפּיל.

זינגער

צו וואָס אַרגומענטירן מיט זיי? אַריינגעזעצט זיי אַהער—פאַרשליסט די טיר און פאַרטיק.

זאַזולי

אַזוי? בריה מיינער. פאַרשליסן די טיר, — נו, פאַרשליס, נאַטשאַלניק מיינער נייער, האָסט דאָך אַליין די טיר אויסגעבראָכן.

זינגער

וועלן מיר אַ נייעם שלאָס אַריינשטעלן, זאָרג נישט. באַלד וועט דער שמיד קומען אַהער און אַלץ פאַרריכטן. און אויב אָן אַ שלאָס? — נו, פּרוביר אַנטלויפן.



(צום ערשטן און צווייטן) איר נעמט איבער היטן דעם קאָרידאָר. און איר (צום דריטן און פערטן) דעם הויף.

צווייטער

אָבער עסן דאַרף מען זיי געבן. די קיך דאַרף מען באַזאָרגן.

פּרץ

איך האָב שוין באַזאָרגט.

ערשטער

און מאַטראַצן.

פּרץ

אָט וועל איך גיין אַלץ באַזאָרגן. (אָפּ)

זאַזולי

באַזאָרגער פיינע. (שפּרינגט אויף) אין די ריפּן, אין די קישקעס, אין מאַרך אַריין!

זינגער

שפּרינג נישט. סיידן דו ווילסט כאַפּן אַ קויל. איר זאָלט וויסן זיין: פאַר יעדן מינדסטן אויסדרוק פון כוליגאַניזם וועט איר באַצאָלן מיטן לעבן. מיר שטייען אין אַ מלחמה. טאָ היט די ביינער אייערע.

זאַזולי

נישקשה, נישקשה, וועסט נאָך קומען מיט אונז ליגן אויף דער זעלביקער נאַרע. דו וועסט קומען. דו וועסט קומען, נאַטשאַלניק מיינער נייער. קורווע די מאַמע.

זינגער

וועלן מיר קומען — וועלן מיר ליגן. אָבער דערווייל זאָג איך דיר: נישט ליאַרמען, פאָלגן וואָס די חברים וועלן אייך הייסן. ביי יעדן מינדסטן פאַרזוך פון אַנטקעגן שטעלן זיך אָדער אַנטלויפן — וועט מען שיסן אין אייך.

(עס קומט אַריין דער שמיד, מיט געצייג אין די הענט. נעמט פאַרריכטן די שלעסער פון טיר.)

זאַזולי

קום אַריין, קום אַריין, פעטערל.

זינגער

(צום שמיד)

טוט וואָס איר דאַרפט טון, און הערט זיך נישט צו צו זיי.

שמיד

(קאַלט)

נו, וואָס דען.

זינגער

איר וועט פאַרריכטן אַלע טירן, אַלע שלעסער.

שמיד

נו, אַוודאי. נו, אַוודאי, מיר וועלן פאַרריכטן.

זאַזולי

נאַטשאַלסטוואָ בייט זיך, אָבער דו, פעטערל, שמידעלע — דו בלייבסט דער זעלבער. דער זעלביקער האַמער, די זעלבע קאָוואַדלע און די זעלבע קייטן. שרעק זיך נישט, פעטערל, אַרבעט.

שמיד

נו, אַוודאי, איך אַרבעט. איך שרעק מיך נישט.

פרץ

(קומט אַריין מיטן ערשטן און צווייטן העבמער, שלעפן מאַט־ראַצן און קאָלדרעס. וואַרפן עס אַרויף אויף דער נאַרע.)

נאָט אייך מאַטראַצן. ברויט און וואַסער וועט מען אייך באַלד ברענגען.

זאַזולי

אַ טעשל קאָרטן ברענג אויך

פרץ

וואָס נאָך זאָל איך דיר ברענגען?

זאַזולי

זיי אַ גוטער. גיב אונז קאָרטן.

קאָוועראָזניקאָוו

וואָס וועלן מיר דאָ טון אָן קאָרטן? כאָלערע די מאַמע.

פרץ

מ׳דאַרף קריגן אַ גלעזער. דערווײַלע פאַרהענגען מיט קאָלדערעס



די פענצטער. (צום ערשטן און צווייטן) נעמט זיי אויף שפּאַ־ציר אַרויס.

זאַזולי

מיר ווילן נישט גיין שפּאַצירן. מיר ווילן נישט. אין הינטישן טאַטן אַריין.

זינגער

גייט און רעדט נישט קיין סך. (זאַזולי, קאָוועראָזניקאָוו און די צווי העבמער אָפּ.)

פרץ

(פאַרהענגט די פענצטער מיט אַ קאָלדרע, מאַכט צורעכט די אָרדענונג אין קאַמער.)

זינגער

נאָך ראַמען די קאַמער פאַר זיי? זיי וועלן עס טון אַליין.

פרץ

מען קען דאָך קיין מענטשן נישט אַריינזעצן אין אַזאַ הקדש.

זינגער

אַך, נו, מער ליגט אונז נישט אין זינען איצט.

פרץ

אונז דאַרף עס ליגן אין זינען.

זינגער

גלויב מיר, ס׳אַז זיי זענען זיכערער מיטן לעבן ווי מיר. אונזער אַלעמענס לעבן הענגט אויף אַ האָר.

פרץ

דאָס איז אמת. אָבער איך זאָג דיר: נישט געשמאַק אָט דער גאַנצער ענין, טורעמשטשיקעס ווערן.

זינגער

נישט געשמאַק? נו, וואָלט געווען בעסער, ווען דו גיסט דאָס אימיצן אַנדערש איבער? מיר וועלן זיך זיצן ערגעץ אָן דער זייט און קאָמאַנדעווען, און אַ צווייטער זאָל טון אָט די נישט־געשמאַקע אַרבעט. — מיר איז שוין איינגענעמער אַליין דאָס צו טון. ס׳איז ערלעכער און ריינער. אויב אויפשטאַנד פאָדערט באַזייטיקן געגנער — —

פרץ

יאָ, אמת. אָבער — ס'איז אַזוי שווער.

זינגער

וואָס ווערסטו זאָגן באַלד, אַז מ'וועט ברענגען אַהערצו אַרעסטירטע דניאלן, גריגאָרין און יאָסעפן?

פרץ

איך וויל נישט זיין דערביי.

זינגער

(מיט כעס)

ווער דען זאָל זיין דערביי? ווידער אימ'צער אַנדערש? — טרינק דעם בעכער ביזן סוף.

פרץ

(נעמט אַרום דעם קאָפּ)

אוי, ס'איז שרעקלעך.

זינגער

האָסט דאָך אַליין געשטימט דערפאַר מען זאָל זיי אַרעסטירן.

פרץ

נו, יאָ, געשטימט. געמוזט. ווייל זיי שטעלן אין געפאַר אונזער גאַנצן קאַמף. זיי פריידיקן אונטערגעבן זיך דעם צאַרס מיליטער, וואָס רינגלט אונז אַרום. זיי שוואַכן אָפּ דעם מוט פון אַלע גאָלדגרעבער.

זינגער

ס'איז קלאָר, ווען נישט זיי — וואָלט זיך דרוזשינין נישט אַרויסגעדרייט פון אונזערע הענט. גוטסקייט פריידיקן זיי, איינגעהאַלטנקייט, נישט ברענגען קיין קרבנות. — נו, שטייט איצט דרוזשינין נישט ווייט פון אונזער ראַיאָן מיט אַ גאַנצער אַרמיי און וואַרט אויף אַ גינסטיקער רגע. — איך וואָלט אַ בעלן געווען צו זען, ווי דרוזשינין וועט נישט פאַרגיסן קיין בלוט.

פרץ

פונדעסטוועגן איז לעווינע אַליין אויך זייער צערודערט, כאָטש



ער איז געווען דער, וואָס האָט געמאַכט דעם פאָרשלאָג זיי צו אַרעסטירן.

זינגער

הער וואָס איך זאָג דיר. אָט די אַלע רייד וואָס מיר רעדן זענען גאָרנישט ווערט. מוסר זאָגן זיך אַליין — צו וואָס? נו, יאָ, מיר ווייסן וואָס טורמע איז, מיר ווייסן אָבער אויך, וואָס עס מיינט פאַרראַט! און פריידיקן אונטערגעבן זיך איז פאַרראַט. חשבון־הנפש וועלן מיר זיך אָפּגעבן יעדער פאַר זיך, אַליין ביינאַכט, אָבער איצט איז נישט קיין צייט פון רעדן. איצט דאַרף מען האַנדלען. מיר האָבן איבער צוויי טויזנט באַוואָפנטע מענער, און איך זאָג דיר, ווען דניאל און, איבער־הויפּט, יאָסעף הייבן נישט אָן זייערע העצעס און אָפּשוואַכנדיקע רעדעס, וואָלטן מיר שוין לאַנג דרוזשינינען מיט זיין אַרמיי פאַרטריבן. און אַז מיר וואָלטן אַריינגענומען אין אונזערע הענט אַ גרויסן טייל פון סיביר —

שמיד

(קומט אַריין)

די אַנדערע שלעסער קען איך נישט פאַרריכטן היינט.

זינגער

אָבער די טיר איז גוט שוין?

שמיד

(פאַרשליסט און שליסט אָפּ)

נו, אַוודאי גוט.

פרץ

מיר וועלן אַרונטערגיין אין קיך און זען, צי אַלץ איז דאָרטן אין אָרדענונג. קום. (צום שמיד) מאַכט צורעכט די אַנדערע טירן.

שמיד

נו, אַוודאי, מירן צורעכט מאַכן. (פרץ, זינגער, שמיד אָפּ.)

(אַן אַנדערע גרופּע באַוואָפנטע אַרבעטער פירט אַריין דניאלן.

ער איז אָנגעטאָן אין שמאַטעס. אַלע שטייען און שווייגן.)

דניאל

איר האָט אייערס אָפּגעטאָן. איר קענט גיין אויב איר דאַרפט. (די

ארבעטער שטייען און רירן זיך נישט.) איר דאַרפט מיך נישט היטן. ס׳איז שוין דאָ היטער. (די ארבעטער רירן זיך נישט) צי איר דאַרפט עפעס נאָך טון מיט מיר? אפשר שלאָגן מיך?

ארבעטער

איר דאַרפט זיך שעמען אַזוינס צו רעדן.

דניאל

און איר פאַר מיר דאַרפט זיך נישט שעמען?

צווייטער

ניין.

דניאל

איר זענט זיכער?

דריטער

מיר זענען באַוווסטזיניקע אַרבעטער. אַ גאַנץ לעבן אין די גאָלד־גריבער פאַרבראַכט. מיר ווייסן גאַנץ גוט, פאַרוואָס מיר האָבן אייך געבראַכט אַהערצו.

דניאל

איר זענט פאַרבלענדט, איר זענט געוואָרן אכזרים.

ערשטער

מיט טעג צוריק האָט איר צו אונז אַנדערש גערעדט.

דניאל

איר זענט געוואָרן קינס קעגן אייגענע חברים.

צווייטער

איר ווילט אונז באַליידיקן.

דריטער

מיר זענען רעוואָלוציאָנערן.

דניאל

לאָזט מיך אַליין. גייט. (פאַלט צו מיטן פנים צו דער נאַרע און זיין גאַנצער גוף ציבערט.)

ערשטער

נישט פאַר ווילסאָג וועגן האָבן מיר אייך געבראַכט אַהער. מיר האָבן אייך אַלע ליב געהאַט. איר ווייסט דאָס.



צווייטער

און איצט שטערט איר דעם גאַנג פון אונזער אויפשטאַנד — דאַרפן מיר אייך באַזייטיקן, און איר דאַרפט האָבן טאַקט און שווייגן.

דניאל

נישט אַזוי האָב איך מיר פאָרגעשטעלט דעם גאַנג פון אויפשטאַנד.

צווייטער

נישט אַזוי? ווי אַנדערש?

דניאל

ביז וואַנען וואָס־ווען זענען מיר שוין איינגעשמירט אין בלוט ביז אָ־דאַנען־אָ! און מחלוקות עסן אונז אויף. און איינער אי־בער דעם אַנדערן וויל שוין הערשן. מיך שלעפט איר אין טורמע, מיך? — יאָ, איך האַלט מיט יאָסעפן. יאָסעף איז אמתדיק. ער האָט גלייך דערפילט, אַז דער שטרייק פון די גאָלד־גרעבער אין אונזערע אומשטענדן טאָר נישט פאַרוואַנדלט ווערן אין דאָס, אין וואָס לעווינע האָט אים פאַרוואַנדלט. ס׳איז אַ שווינדל, זאָג איך אייך.

ערשטער

איך וועל אייך נישט דערלויבן באַליידיקן חבר לעווינען.

דניאל

נישט איר דאַרפט מיך אָפּהאַלטן פון צו באַליידיקן לעווינען. קענט איר דען וויסן וואָס אַזוינס פאַר מיר לעווינע איז גע־ווען? קענט איר דען וויסן? —(נעמט ארום דעם קאָפּ) וואָס ווייסט איר מיר צו זאָגן אויף דעם? (גיט זיך מיטאמאָל אַ לאָז צום טיר) לאָזט מיך אַרויס פון דאַנען! מיט וואָס פאַר אַ רעכט זעצט איר מיך אַריין אַהער צוריק? (ראַנגלט זיך מיט זיי) ווי אַזוי וואַגט איר צו אַריינזעצן מיך צוריק אָט־דאָ־אָ?! צווישן אָט די זעלביקע ווענט, אויף דער זעלביקער נאַרע? — — צי פאַרשטייט איר וואָס איר טוט? צי פאַרשטייט איר וואָס מיינט די זעלביקע גראַטן, די זעלביקע טיר — צי פאַרשטייט איר? — לאָזט מיך.

ערשטער

צווינגט אונז נישט אָנווענדן קעגן אייך געוואַלד.

דניאל

ווענדט אָן געוואַלד, שלאָגט מיך. (ראַנגלט זיך היטער. עס קומען אַריין זינגער און פּרץ צוריק. דניאל בלייבט שטיין, קוקט זיי אָן און טוט אַ געשריי) שלאָגט מיך! (פּרץ און זינגער פאַרלירן זיך אויפן מאָמענט און גיבן זיך אַ רוק צום טיר אויף הינטער.)

פּרץ

דניאל — —

דניאל

איך וויל איר זאָלט הויבן אַ האַנט אויף מיר! (שטויסט זיך מיט אימפּעט, רייסט זיך אלע זענען פאַרלאָרן. אין טיר האַקסט אוים לעווינע. דניאל, דערזעענדיק לעווינען, בלייבט אַ שטיין צע מישטער, אַ צוזאַמענגעדרייטער.)

לעווינע

(קוקט אויף אים שאַרף און זאָגט אָפּגעהאַקט)

דניאל, איר זענט אין טורמע.

דניאל

(אַ באַצוווּנגענער פון לעווינעס מאָן טרעט אָפּ אויף צוריק, זעצט זיך אַרויף אויף דער נאַרע, אָפּקערנדיק דאָס פּנים פון אלעמען צו דער האַנט. זיצט אַ צוזאַמענגעדרייטער.)

לעווינע

ווו זענען די איבעריקע אַרעסטירטע?

ערשטער

מיר האָבן זיי נישט געפונען ביי זיך אינדערהיים.

לעווינע

אָן תּירוצים. זיי באַדאַרפן זיין דאָ.

זינגער

איך האָב שוין אַוועקגעשיקט נאָך זיי אַ צווייטע וואַך.

לעווינע

האָט מען זיי איבערגעגעבן אונזער באַשלוס, אַז אויב זיי גיבן אַ וואָרט נישט צו האַלטן קיין רעדעס און נישט צו מישן זיך



אין דעם אויפשטאַנד, — וועלן מיר זיי נישט טשעפּען?

ערשטער

יאָ, מיר האָבן זיי דאָס איבערגעגעבן.

לעווינע

נו, און וואָס?

ערשטער

יאָסעף האָט געזאָגט, אַז זיי וועלן אַזאַ צוזאָג נישט געבן.

לעווינע

(צו זינגערן)

גייט, חבר זינגער, מיט זיי און פאַרענדיקט דעם ענין. מיר דאַרפן היינט נאָך אפשר צוטרעטן צו דער גענעראַל-אַטאַקע.

פּרץ

(צו זינגערן)

אפשר וואַרטן נאָך אַביסל?

לעווינע

(מיט כּעס)

נישטאָ וואָס צו וואַרטן.

זינגער

יאָ, נישטאָ וואָס צו וואַרטן. (אָפּ מיט אַ גרופּע)

לעווינע

(צו פּרצן)

וואָס, דאָס האַרץ האָט זיך אַ ריר געטאָן?

פּרץ

(שטאַמלט)

כ'ווייס אַליין נישט. אַנטשולדיקט.

לעווינע

איך האָב אייך נישט וואָס צו אַנטשולדיקן. איר דאַרפט פאַר מיר נישט שטאַמלען. וואָס בין איך אייך, וואָס איר שטאַמלט פאַר מיר? אויף דער זיצונג נעכטן האָט איר זיך געקאָכט.—פריער האָט איר ווייכע צינגער, דערנאָך קריגט איר ווייכע הערצער. — עקלהאַפט.

פרץ

עס טוט ווײ.

לעווינע

קראַפּירט מען!

פרץ

נו, — מען רעדט זיך אַרויס.

לעווינע

איר, הײסט עס, געפינט, אַז מען קען נאָך וואַרטן מיט זײער אַרעסט, נאָר איך, הײסט עס, וויל ניט. — — —

ערשטער אַרבעטער

מחלוקת און מחלוקת. מיר האָבן שוין לאַנג געדאַרפט אַרויס־גײן און מאַכן אַן אָנגריף. דרוזשינין האָט שוין לאַנג באַדאַרפט זײן אין אונזערע הענט. נאָר איר מיט אײערע רײסערײען צווישן זיך מאַכט אונז אומגליקלעך. חבר לעווינע,—מיר זענען מיט אײך. שטעלט זיך נישט אָפּ פאַר קײן זאַך.

לעווינע

סאָ הערט. איך האָב געקראָגן אַ ידיעה, אַז דעם צאַרס מילי־טער שטײט שוין הינטערן דאָרף. קאָנצענטרירט אַלע אונזערע כוחות אָט דאָ אַרום דער טורמע. ווײל פון דער זײט דאַרף דאָס צאַרישע מיליטער אָנקומען. אַלע אין קאַנצעלאַריע אַרײן! — גיט אַ סיגנאַל צו מאָביליזירן אַלעמען אַהערצו. — אָ, יאָ, דעם שפּיטאָל פאַרגעסט נישט. דאָרט ליגן דאָך פּעטער, סאַלאָמאָן, נוקי און דער זײדע. זענען זײ באַזאָרגט מיט אַלעם נײטיקן?

פרץ

יאָ, איך גיב אויף זײ אַכטונג.

לעווינע

(לײגט אַרויף אַ האַנט אויף זײן אַקסל)

זײט נישט ברוגז. איך האָב נישט געמײנט אײך צו באַלײדיקן.

פרץ

איך בין נישט ברוגז.



לעווינע

טאָ קומט. (אַלע נעמען אַרויסגײן)

דניאל

(װען אַלע זענען אַרויס, און עס בלײבן נאָר בײ דער טיר לעווינע און פּרץ, שפּרינגט ער אַראָפּ פון דער נאַרע)

איך וויל איר זאָלט דאָ בלײבן.

לעווינע

צו וואָס?

דניאל

איך וועל אײך נישט אַרויסלאָזן.

לעווינע

(צו פּרצן)

גײט, פּרץ. איך וועל אײך אָניאָגן. (פּרץ אָפּ) וואָס ווילט איר דניאל?

דניאל

(זײן גוף פיבערט, זײנע ווערטער, פון גרויס אויפרעגונג, קומען קוים אַרויס פון זײן מויל)

איז דאָס טאַקע אמת, אָט דאָס אַלץ?

לעווינע

וואָס אמת?

דניאל

אָט דאָס-אָ — טאַקע אמת, אַז איך בין אַרעסטירט פון אײך?

לעווינע

לײדער, אמת.

דניאל

אָבער, אָבער, אַז איך זיץ אויף דער נאַרע און איר שטײט בײ דער טיר — בין איך דער אַרעסטירטער. נו, אָט שטײ איך בײ דער טיר און איך הײס אײך זעצן זיך אויף דער נאַרע, — וועט איר זײן דער אַרעסטירטער.

לעווינע

איר רעדט קינדעריש, צי וואָס?

דניאל

איך אַרעסטיר אייך: לייגט זיך אויף דער נאַרע.

לעווינע

איר בלייבט דער אייביקער ייִנגל, דניאל. — ווען איר וואָלט נישט געווען שעדלעך מיט אייער ווירקונג און מיט אייערע רייד וועגן דער דאָזיקער גוטסקייט אייערער און שיינקייט, וואָס פּאַסן פאַר קינדער און נישט פאַר מענטשן, וואָס שטייען ביזן האַלז אין קאַמף און בלוט — —

דניאל

איך בין נישט קיין ייִנגל. איך בין עלטער פאַר אייך: עלטער, עלטער, און — שטאַרקער.

לעווינע

דניאל, איך האָב נישט קיין צייט.

דניאל

און אויב איך וועל נעמען און אייך דערהרגענען.

לעווינע

נו — טוט עס. (ביים טיר האַקסן אוים די ערשטע צוויי אַרבעטער)

דניאל

(צו זיי)

גיט מיר אַ רעוואָלווער אַהערצו, איך וועל אים דערשיסן.

לעווינע

גיט אים.

ערשטער אַרבעטער

וואָס מיינט איר?

לעווינע

גיט אים אַ רעוואָלווער.

צווייטער אַרבעטער

וואָס רעדט איר אַזוינס, חבר לעווינע? (צו דניאלן) גייט אַוועק פון טיר.

לעווינע

לאָזט מיך אַליין, חברים. האָט נישט קיין מורא.



ערשטער

מיר האָבן אַ פאַרזאָג אייך נישט צו לאָזן אַליין.

דניאל

היט אים, היט אים. — ער איז מאַכטהאָבער געוואָרן. ער איז באַלעבאָס געוואָרן, ער איז נאַטשאַלניק געוואָרן. — אַ נאַטשאַל־ניק דאַרף באַוואַכט ווערן.

לעווינע

איך זאָג אייך, גייט אין קאָרידאָר. (אַרבעטער אָפּ)

דניאל

קיין צען טענ נישטאָ זינט איר האָט מאַכט, און די מאַכט האָט אייך שוין פאַרשיכורט.

לעווינע

איר ווילט עפּעס רעדן מיט מיר וויכטיקס — רעדט, אַז נישט, לאָזט מיך.

דניאל

און דאָס אַלץ ווערט אָפּגעשפּילט אין אַ קליין דערפל, אין העק סיביר, צוויי טויזנט וויאָרסט פון אייזנבאַן, אין טיפן ווינטער, צווישן אַ באַפעלקערונג פון אַפאַר טויזנט אַרבעטער, אויף אַ נאַרע פון אַ חרובער טורמע.

לעווינע

צו וואָס רעדט איר דאָס?

דניאל

אייך איז נישט קלאָר, צו וואָס איך רעד דאָס?

לעווינע

מיר איז דאָס שוין גאָר קלאָר, דניאל. אייך איז נישט קלאָר. דערפאַר בלאָנטערט איר זיך. — — אין לאַנד דאַרף זיין אַ רעוואָלוציע. נו, פאַרשפּעטיקט זי. דער צאַר דערשטיקט אַלע אויפשטאַנדן. ווייסט איר דאָך שוין, וואָס ס'איז געווען דעם ניינטן יאַנואַר אין פּעטערבורג. און מיט וואָס עס האָט זיך געענדיקט דער זיבעצעטער אָקטאָבער. אָבער די רעוואָלוציע דאַרף מען אָנהייבן ווידער. נו, הייבן מיר זי אָן. איר פאַר־שטייט? די מענטשלעכע נאַטור האָט איר געזען נאָר אין חלום.

אין צוזאַמענשטויסן צווישן מענטשן און קלאַסן זענען פאַר אייך אומגעריכטע זאַכן, אָט, אַשטייגער, ווי אַ דונער מיטאַמאָל אין אַ שיינעם טאָג. און איר זענט נאָך פאָרט אַ קינד.

דניאל

איך ווילט אַלץ געפינען אַ באַרעכטיקונג אין מיין כלומרשטער ניט-דערפאַרנקייט און קינדישקייט. זאָג איך אייך נאָך אַמאָל: איך בין עלטער פון אייך. אָט די עטלעכע מינוט, וואָס איך זיך דאָ איצט, האָבן מיך געמאַכט עלטער פון אייך.

לעווינע

נו, דניאל, אַפילו איצט זאָג איך, אַז איר זענט אַ ליבער. איר וואָלט זיך מסתמא אינגאַנצן ניט באַדאַרפט מישן אין מענטשלעכן געראַנגל, נאָר קוקן פון דער זייט —

דניאל

און קראַפירן.

לעווינע

ניין, פאַרקערט. — באַוווּנדערן.

דניאל

אין אייערע רייד פאַרנעם איך נאָר חוזק. מער גאָרנישט. (נעמט אַרום דעם קאָפּ מיט ביידע הענט.) דער קאָפּ שפּאַלט זיך מיר. (ער שאַרט זיך אַהעק אויף דער נאַרע מיטן קאָפּ צום האַנט.)

לעווינע

אויף דער ערשטער פאַרזאַמלונג, נאָכן אַרויסגיין פון דאַנען, האָט איר דאָך אַליין געשטימט דערפאַר, אַז מיר זאָלן דעם שטרייק פון די גאָלד-גרעבער פאַרוואַנדלען אין אַ סאָציאַלן אויפשטאַנד, אין אַ פּרווו צו באַאיינפלוסן דורך דעם סיביר און אויך רוסלאַנד. און דערנאָך, אָבער, זענט איר אונטערגעפאַלן אונטער יאָסעפס ווירקונג. אויך גריגאָרי אַזוי.

דניאל

ווייל איך האָב דערזען, אַז יאָסעף איז גערעכט. (מיט אימפּעט צו לעווינען) פון טאָג צו טאָג האָב איך דאָס געזען. אַ שפּיל מיט לעבנס פון איבער צוויי טויזנט פאַרוואָרפענע, פאַרביטערטע



אַרבעטער. נישטאָ קיין האָפענונג אויף זייטיקער הילף, נישטאָ קיין האָפענונג צו ביישטיין דעם צאַרס מיליטער. אַפּאָר דערפלעך, אין אַזאַ גרויסער פאַרפראָרענער וויסטעניש.

לעווינע

אויפשטאַנדן ווערן געמאַכט נישט מיט האָפענונגען, נאָר מיט דרייסטקייט.

דניאל

איר שפּילט זיך מיטן גורל פון מענטשן און חברים, ווי אַ פּשוטער מאַכטהאָבער. אייער אייגן לעבן ווערט שוין פונדעסטוועגן באַוואַכט

לעווינע

(מיט ציטערדיקע ליפּן)

דניאל, איך בין אַ געדולדיקער, אָבער אויך צו מיין געדולד קען נעמען אַ סוף.

דניאל

אַז ס'וועט קומען צו אַ קאַטאַסטראָפע, וועט אייער לעבן נאָך אַלץ זיין באַוואַכט.

לעווינע

פאַר דעם וואָלט איך אייך באַדאַרפט געבן אין באַק.

דניאל

(דערנענטערט זיך צו אים)

גוט! שלאָגט מיך. שוין בעסער, ווען איר וואָלט שלאָגן. אַן אַרעסטאַנט דאַרף מען שלאָגן. אַלץ איז דאָך ווי פריער, נישט אַנדערש: די זעלבע קאַמער, די זעלבע נאַרע און די זעלבע מורא פון אַ שוואַכערן קעגן אַ באַוואָפנטן.

לעווינע

איר וועט זיך אויסשלאָפן און באַרויקן זיך.

דניאל

רעדט נישט צו מיר, ווי אַ גלייכער צו אַ גלייכן. רעדט צו מיר ווי אַ נאַטשאַלניק, ווי אַ דרוזשינין. אירצט מיך נישט. רעדט צו מיר גראָב. (פאַלט צו מיטן פּנים צו דער נאַרע) איך

ווייס נישט, איך ווייס נישט, — — איר האָט אַלע מאָל געזאָגט... 

לעווינע

איך האָב אייך איצט אויך ליב.

דניאל

ליב?

לעווינע

זייער. (פויזע) גיט אַ וואָרט, אַז — —

דניאל

ניין! ניין! פון מיין מיינונג וועל איך זיך נישט אָפּזאָגן.

לעווינע

איר געדענקט אפשר די רייד, וואָס מיר האָבן גערעדט ביידע נאָך דעמאָלט ביים הונגער־שטרייק וועגן קרבן? — איר געדענקט, איך האָב אייך געזאָגט, אַז ס'איז דאָ אַ מאָמענט, ווען אַ טאַטע דאַרף פירן זיין זון קאַלטבלוטיק צו דער עקדה, ווי אברהם יצחקן, — — איר געדענקט?

דניאל

בין איך יצחק?

לעווינע

יצחק איז אויך געווען אַ גוטער.

דניאל

(פירט מיט דער האַנט איבער דער נאַרע)

און דאָס איז דער מזבח? (ער ציט זיך אויס אויף דער נאַרע מיטן פנים אַרויף. אַלע גלידער אין אים קאָנוולסירן.) נו, אָט ליג איך.

לעווינע

(לייגט אַרויף די הענט אויף דניאלס קאָפּ)

דניאל ווערט נישט שיכור פון אוממאַכט.

דניאל

(ליגט אומבאַוועגלעך)

אָט ליג איך אויפן מזבח, — אָט איז אויסגעשטרעקט מיין האַלז, — שעכט!



לעווינע

(שטייט אַפּאָר רגעס, קוקט אויף דניאלן, גייט אָפּ און לאָזט זיך צום טיר. ווען ער איז שוין ביים טיר, דערזעט ער דעם לאַמטערן, נעמט אַרויס אַ שוועבעלע און צינדט אָן דעם לאָמפּ. דער לאָמפּ וואַרפט לאַנגע שפּיציקע שאָטנס איבער דער גאַנצער קאַמער. לעווינע וויל אַרויסגיין, ערשט אין דער זעלבער רגע פירט מען אַריין יאָסעפן און גריגאָרין, צעשויבערטע און בלייכע. זיי שלאָגן זיך כמעט אָפּ אָן לעווינען. ביידע שפּרינגען אָפּ אויף הינטער, קוקן זיך אָן אַפּאָר רגעס אין מוראדיקער שטומקייט. יאָסעף און גריגאָרי גיבן זיך אַ כאַפּ אַזוי ווי זיי וואָלטן ערשט באַגריפן וואָס עס טוט זיך. שטעלן זיך אַוועק מיטן פנים צו דער וואַנט און מיטן פּלייצע צו לעווינען. שטייען און רירן זיך נישט. דניאל, ווי פריער, ליגט אויסגעשטרעקט אויף דער נאַרע. לעווינע גיט אַליין אַ ציטער, זיינע פיס נעמען זיך וואַקלען און ער איילט זיך אָנצושפּאַרן זיך אָן טיר. די, וואָס האָבן די אַרעסטירטע געבראַכט, שטייען אויך אויפן שוועל און זאָגן נישט אַרויסרעדן קיין וואָרט.)

לעווינע

(רייסט איבער די שטילקייט)

פאַרוואָס זענען אויף זיי צעריסן די קליידער?

איינער

זיי האָבן זיך נישט געוואָלט לאָזן אַרעסטירן.

לעווינע

האָט איר זיי געשלאָגן?

צווייטער

זיי האָבן אונז דערצו געצוווּנגען.

לעווינע

(פאַרדעקט מיט ביידע הענט די אויגן. זיין גאַנצער פנים צעקרימט זיך, זיין גוף גיט אַ שוידער. פון זיין מויל רייסט זיך אַרויס אַן אויסגעשריי: „אַ!", שטייט און נעמט נישט אַראָפּ זיינע הענט פון די אויגן. פון גאַס דערהערט זיך

(מיטאמאל א טרומייטער-שאלונג. לעווינע כאפט זיך אויף.)

איינער

(לויפט אריין)

חבר לעווינע, שנעלער. אונזערע רייסן זיך צום אָנגריף. דרו-זשינין איז שוין אין דאָרף.

לעווינע

קומט! (האסטיק אַפ מיט אַלע איבעריקע. די טיר פארשליסט זיך. יאָסעף און גריגאָרי קערן זיך אָפ פון דער וואנט. קוקן אויף דניאלן ווי ער ליגט, זאָגן צו אים גאָרנישט. זעצן זיך אוועק לעבן אים מיט די קני אויסגעבויגן. די קעפ אויף די קני.)

יאָסעף

נו, איצט האָבן מיר שוין אַסך פלאַץ אויף דער נאַרע.

גריגאָרי

ש, רעד נישט.

יאָסעף

דאָס וועסטו אויך פאַרגעבן?

גריגאָרי

הער אויף.

יאָסעף

טוסט דיין חוב?

גריגאָרי

פייניק נישט.

יאָסעף

נו, צי זיך אויס. לייג זיך.

גריגאָרי

דניאל, זאָגט עפעס.

דניאל

(א שטארק געהיין רייסט זיך פון אים. ער שטיקט עס אין זיך, ברעכט צוזאמען)

גריגאָרי

נאָר נישט געוויינט.



דניאל

מער נישטאָ וואָס צו שעמען זיך צו וויינען.

גריגאָרי

איך קען נישט וויינען. (פויזע)

יאָסעף

זע, עס ברענט דער לאָמפ. שוין נאַכט.

גריגאָרי

זיי שטיל, גענוג. (מען הערט דעם געהאָי פון הינט.)

יאָסעף

(מאכט נאָך דעם הינט)

הו, הו, הו, — נוקי פלעגט אַזוי וואָיען. געדענקסט?

(עס עפנט זיך די טיר און איינער פון די היטער טראָגט אריין דריי פאָרציעס ברויט מיט א כלי וואסער, שטעלט עס אוועק אויף דער נאָרע. אַפ צוחיק שטיל, ווי ער איז אריין. יאָסעף צעלאכט זיך היסטעריש, האקט זי אָפ. נעמט אין האנט א פאַיאַק ברויט און וועגט עס אויפן האנט)

די וואָג איז א ריכטיקע. די זעלביקע צוויי פונט. נאַ, קיי, גריגאָרי.

גריגאָרי

און דו?

יאָסעף

אָט קיי איך. (ביידע בייסן פון די שטיקער ברויט מיט א צו-להבעיסדיקער אָפגעלאָזנקייט און ביטול. יאָסעף הויבט אויף דאָס צובערל וואסער.) נאַ, זופ.

גריגאָרי

(זופט)

דניאל, שטייט אויף, עסט.

דניאל

איך האָב דערקלערט א הונגער-שטרייק.

יאָסעף

אַנטקעגן וועמען?

ד נ י א ל

איך וועל הונגערן.

ג ר י ג אָ ר י

טוט עס נ׳שט, דניאל.

ד נ י א ל

אָ, לאָזט מיך.

ג ר י ג אָ ר י

(גיט א שלײדער דעם פּאַיאָק ברויט אָן דער נאַרע)

אין דר׳ערד אַריין.

י אָ ס ע ף

(ביטער)

דו שענדסט ברויט. מען טאָר נישט שענדן.

ד נ י א ל

איר זענט משוגע ביידע. הערט אויף.

(פּויזע)

(עס הערן זיך טרומייטער-סיגנאַלן און געשרייען. עס עפנט זיך די טיר, עס קומען אַריין זאזולי און קאָזערזניקאָוו, מיט ברויט אין די הענט. די טיר פאַרמאַכט זיך. זיי דערזעען די דריי און גלויבן נישט זייערע אויגן. די שטילקייט און דער אופן ווי די דריי זיצן אויף דער נאַרע נעמט זיי דורך, זיי טרעטן אויף די שפּיצן פינגער. זיי קוקן לאַנג און נשתומם.)

י אָ ס ע ף

וואָס קוקט איר?

ז אַ ז ו ל י

אָ, מאַמעלעך מיינע, אין גאָרגל אַריין, אין די לונגען אַריין אין בויך אַריין.

ג ר י ג אָ ר י

גייט אַוועק.

ק אָ ו ו ע ר ז נ י ק אָ ו ו

צוריק אַהער?

י אָ ס ע ף

יאָ. מען קומט צוריק.



(זאזולי און קאָזערזניקאָוו טוליען זיך אין א צווייט ווינקל און קענען אלץ נישט קומען צו זיך)

ז אַ ז ו ל י

אוך, ס׳אַרט קעלט. (טרומייטן שאַלן)

ק אָ ו ו ע ר ז נ י ק אָ ו ו

עפּעס טוט זיך דאָרטן. מען שלאָגט זיך צי וואָס?

(שיסעריי, קולות טורעמען זיך, זאזולי און קאָזערזניקאָוו באַוועגן זיך אומרויק. די איבעריקע דריי זיצן ווי פריער אומבאַוועגלעך.)

ז אַ ז ו ל י

מען שיסט, איר הערט?

(שיסעריי ווערט גרעסער. קולות אַרום דער טורמע שטאַרקער און נענטער. באָמבאַרדירונג. זאזולי און קאָזערזניקאָוו ציען זיך אויס אויף דער ערד, פאַרקריכן האַלב אונטער דער נאַרע.)

י אָ ס ע ף

(שפּרינגט אויף מיטאַמאָל)

אַ שחיטה גייט!

ג ר י ג אָ ר י

(אויך אויפגעשפּרונגען)

דניאל, דניאל, וואָס ליגט איר? ס׳איז שרעקלעך. מיר האָבן באַדאַרפט זיין מיט זיי, מיט זיי. מען וועט זיי אויסשעכטן אַלעמען.

ד נ י א ל

מיך רופט נישט. (ליגט אויף דער נאַרע אויסגעצויגן ווי פריער.) איך ליג אויפן מזבח.

ג ר י ג אָ ר י

(לויפט צום טיר, שלאָגט אין טיר)

וואָס האָבן מיר געטאָן? (די טיר שליסט זיך אויף. די אַרבעטער-העבטער לויפן אַריין.)

וועלטער

דעם צאַרס אַ־מיי איז שוין אויפן הויף דאָ — מיר זענען פאַרלאָרן.

דניאל

(הייבט זיך אויף. גייט ארונטער פון דער נארע און בלייבט שטיין ביים וואנט ווי אין חלום, איינגעשלאָסן און שווייגנדיק, ווי אן אָפּגעשיידטער פון אלעמען. עס הערן זיך טומפּעדיקע טריט, ליארמדיקע נצחונותדיקע קולות. אין קאמער פּראלט אריין א גאנצע מחנה ארעסטירטע אויפשטענדלער. צווישן זיי לעווינע, זינגער און פּרץ, געדראנג און צעמישעניש. די קאמער ווערט אָנגעשטאָפּט ווי א פּעסל. אייניקע פאלן פון די פיס און די אנדערע טרעטן אויף זיי. עס געדויערט נישט לאנג און אויפן שוועל באווייזט זיך דרוזשינין אין באגלייטונג פון באוואָפנטע זעלנער.)

דרוזשינין

שטיל זאָל ווערן! (עס ווערט שטיל).

זאַזולי

אייער הויכגעבורט, מיר זענען נישט שולדיק.

דרוזשינין

שטיל, מערזאַוועץ.

קאָוועריזניקאָוו

מיר ליידן אומזיסט, אייער הויכגעבורט.

דרוזשינין

אָ, אָט זענען זיי, מיינע אַלטע באַקאַנטע. אַלע דאָ? (אין דער זעלבער צייט פירן וועכטער אריין פעטערן, סאלאָמאָנען, נוקין און דעם זיידן.)

אַ זעלנער

(צו דרוזשינינען)

אין שפּיטאָל זיי געפונען. אייער הויכגעבורט.

דרוזשינין

נו, זענען זיי שוין טאַקע אַלע דאָ? (באַפעל) די נייע אַרויספירן פון דאַנען אין אַן אַנדער קאַמער. מיט מיינע אַלטע



קונדן האָב איך אַן אַנדער חשבון.

אַ זעלנער

נישטאָ קיין פּלאַץ פאַר אַלע אַרעסטירטע.

דרוזשינין

וואָס הייסט נישטאָ קיין פּלאַץ? קום, איך וועל דיר ווייזן ווי מען מאַכט פּלאַץ. נעמט זיי! (דרוזשינין און די זעלנער אָפּ מיט אלע נייע ארעסטאנטן. די טיר פארשליסט זיך. אין קאמער בלייבן איבער די אלטע תושבים. לעווינע, פּרץ און זינגער שטייען באזונדער אין איין ווינקל. גריגאָרי און יאָסעף אין אנדער ווינקל. דניאל פאר זיך אליין. סאלאָמאָן, פעטער, נוקי און דער זיידע האלטן זיך קוים אויף די פיס, זעצן זיך ארונטער אויף דער ערד. זאזולי און קאָוועריזניקאָוו נעמען זייערע מאטראצן און שלעפּן זיי צוריק אויף זייערע אלטע פּלעצער. געדריקטע שטילקייט. קיינער ווייסט נישט וואָס צו טאָן מיט זיך.)

נוקי

(ברעכט איבער די שטילקייט)

וואָס מאַכסטו, קעניגרייך מיינע? וואָס מאַכסטו, היים מיינע אייביקע? נעם אויף צוריק דיין פאַרוואָגלטן זון, נעם אויף. (פּויזעט אונטער דער נארע.) קומט אַהער צו מיר, ברידער מיינע, וואָס שטייט איר אַזוי אָנגעדראָדלט אַלע? (פּויזע) וואָס שווייגט איר אַלע? ווער האָט אייך שטום געמאַכט? פאַרוואָס ענטפערט מען נישט נוקין?

גריגאָרי

שווייג דאָרט.

נוקי

אָ, איינער האָט כאָטש אַ וואָרט געזאָגט. אַ דאַנק דיר, ברודער, פאַר דעם וואָרט פאַר דיינעם. בייגט איין די קאָפּ און קומט צו מיר; לייגט זיך אויס לעבן מיר און רוט מיט מיר צוזאַמען. איך האָב אייך אַלעמען גלייך ליב. אַלעמען. (צום אלטן, וועלכער ציט פון די פיס ארונטער די שטיוול.) טראָג, זיידע, די שטיוועלעך, די מתנה פון דיין אַנעלען,—אַ שיינע איז זי, דיין אַנעלע!

זיידע

אַ שיינע, אַ טייערע. — אָבער רייד נישט אַזוי. זון מיינער. רייד נישט. — נישט באַשערט, זונעלע, לאַנג צו טראָגן די שטיוועלעך. אַ גאַנצע וואָך געלעגן קראַנק, ערשט היינט צום ערשטן מאָל אָנגעטאָן זיי. נו, נישט באַשערט

נוקי

מעגסט זיי אויך דאָ אין טורמע טראָגן

זיידע

מ׳דאַרף צוריק אָנגרייטן די פיס פאַר קייטן און טורמע-שיך. אויס יום-טוב, זונעלע. — — צוריק, שטיוועלעך, אין טאָרבע אַריין.

זאַזולי

שטום דאָרט, אַלטער כריין.

נוקי

הער אים נישט, זיידע.

זיידע

ס׳מאַכט נישט, זונעלע

נוקי

דו זאָגסט, אַז עס איז אויס יום-טוב, — נישט אמת, זיידע. דער יום-טוב הויבט זיך ערשט אָן. דער אמתער יום-טוב. פוץ אויס גוט דיינע שטיוול. דערציייל עפּעס נאָך וועגן דיין אײַנעלען.

זיידע

רייד נישט אַזוי, זונעלע. רייץ זיך נישט מיט דער טורמע. לאַכסט פון זיך אַליין.

נוקי

(פלוצלינג)

בין הונגעריק.

גריגאָרי

נאַ, עס. אָט איז ברויט. (וואַרפט צו אים אלע דריי פּאַיאָקן.)

נוקי

וואָס עפּעס מיר דאָס גאַנצע ברויט? צעטייל עס פאַר אַלעמען גלייך. אַלעמען צו שטיקלעך. וואָס הייסט? — אַלע דאַרפן עסן.



(שטעלט זיך אויף און זיין פּנים ווערט מיטאמאָל געענדערט, ווערט דורכגענומען מיט אַ דורכזיכטיקער ליכטיקייט, קוקט אַלעמען אין די אויגן. אין די הענט דאָס ברויט.) וואָס שטייט איר אַלע אַזוי מאָדנע? ווער זענט איר?

גריגאָרי

הער אויף! טויט הענגט איבער אונז אַלעמען.

נוקי

טויט? — וואָס איז טויט? — איך וועל אייך זאָגן וואָס טויט איז. טויט איז שמייכל. איך ווייס וואָס איך זאָג. **און ברויט איז שטאַרקער פון טויט.** — — וואָס, איר זענט צעקריגט איינער מיטן צווייטן? וואָס, איר רעדט נישט איינער מיט דעם אַנדערן? — ברויט, זאָג איך אייך, איז שטאַרקער אַפילו פון שנאה. ברויט איז — שלום. ברויט איז לעבן. נעמט, חברים, עסט. אָט וועל איך צעטיילן אויף גלייכע חלקים. (ברעכט דאָס ברויט אויף חלקים.)

זאַזולי

צעטייל אונזער ברויט אויך פאַר אַלעמען גלייך.

נוקי

אַוודאי, אַוודאי. גיב עס אַהער.

זאַזולי

אָט, ברודערל.

נוקי

אַ דאַנק, זאַזולי. ביסט אַ ווילער, אַ טייערער. (דערלאַנגט דאָס ע׳־טטע שטיקל ברויט צו לעווינען. לעווינע, איבערראַשט, טוט אַ שפּאַן אויף צוריק אַ פאַרלאָרענער.) **איך שטעל איין צוריק דעם סדר**, חברים, — צוריק קאָמונע! — — נעמט, חבר לע־ווינע, פאַרשעמט נישט נוקין, פאַרשעמט נישט דאָס ברויט. ברויט איז לייב.

לעווינע

(מיט ציטערדיקע הענט נעמט ער דאָס שטיקל ברויט.)

אַ דאַנק, נוקי. — גיב דניאלן.

נוקי

אַלעמען וועל איך געבן. אַלעמען. (שטרעקט אויס אַ שטיקל ברויט דניאלן.) נעם, ברודערקע.

דניאל

(נים אַ טראָט נענטער צו לעווינען, קוקט מיט גרויסע פֿאַנאַנדערגעריסענע אויגן אויף אים, און זיינע הענט, וואָס זיי הענגען אַראָפּ, הויבן זיך נישט צו נעמען דאָס ברויט).

נוקי

נעם, דניאל. — ברויט איז בלוט.

לעווינע

דניאל, נעם!

דניאל

(פֿאַרשטעלט דאָס פּנים מיט ביידע הענט)

לעווינע

(שטרעקט אויס צו דניאלן זיין אייגן שטיקל ברויט, וואָס נוקי האָט געגעבן, זיינע הענט טרייסלען זיך, ער זאָגט מיט פֿעסטקייט) נעמט, דניאל!

(דניאל טוט אָפּ זיינע הענט פֿון פּנים, הייבט זיי פּאַמעלעך אָן צו אויסשפּרייטן צו לעווינען, נאָר איידער ער האָט צייט אָנצונעמען דאָס שטיקל ברויט — קומט אַריין דרוזשינין.)

וועכטער

אויפֿשטיין! (אַלע שטייען אויף.)

לעווינע

(טרעט אַרויס)

איך וויל מאַכן אַ דערקלערונג.

דרוזשינין

(מיטן אויסגעשטרעקטן רעוואָלווער אין האַנט)

שטיי אויף דיין אָרט.

לעווינע

אָבער איך מוז.

דרוזשינין

שווייג! — — און איצט הערט אַלע. דאַרפֿן האָב איך באַדאַרפֿט



אייך אַלעמען אַרויספֿירן אויפֿן הויף און — צום וואַנט. אָבער איך וועל טאָן מיט אייך חסד, איך וועל הינריכטן איינעם נאָר פֿון אייך. איך גיב אייך צוויי מינוט, הונדערט מיט צוואַנציק סעקונדן, אין די דאָזיקע צוויי מינוט זאָלט איר זיך אויסשטעלן אַלע אין איין ריי, און דער וואָס וועט זיין דער זעקסטער פֿון לינקס, יענער וועט גלייך אַרויסגעפֿירט ווערן אויפֿן הויף און דערשאָסן ווערן. און אויב איר וועט דאָס נישט דערוויזן צו טאָן אין צוויי מינוט, וועל איך הינריכטן אַלעמען. (אָפּ. די ערשטע רגעס שטייען אַלע ווי געליימטע, דערנאָך גיבן זיך אַלע אַ כאַפּ, נעמען זיך דרייען, פֿאַרשטעקן זיך פֿאַר זיך אַליין און בלייבן ווידער שטיין צעטומלטע. די איינציקע, וואָס שטייען רויק, זענען לעווינע און דניאל)

לעווינע

(מיט אימפּעט)

צעשטעלט זיך שנעל! איך האָב דעם סדר ווי אַזוי אויסצושטעלן זיך.

זינגער

וואָס הייסט?

לעווינע

רעדט נישט!

(מיט אַ כאַראַקטער כּוח באַצווינגט ער אַלעמען, שטעלט זיי אויס אין אַ ריי. דניאל לאָזט זיך נישט, לעווינע שלעפּט אים מיט געוואַלד)

שטעלט זיך, זאָג איך אייך! — אַז איר ווייסט נישט וואָס דאָ וועט זיין, ער וועט קיינעם נישט נעמען פֿון אונז. קיינעם נישט. פֿאַרלאָזט זיך אויף מיר. (איידער האָט־מען עפֿנט זיך שוין צוריק די טיר. דרוזשינין קומט אַריין, לעווינע רוקט זיך פֿלינק אַריין אין דער ריי דער זעקסטער)

דרוזשינין

און איך האָב געמיינט, אַז איר וועט זיך איינע די אַנדערע די גאָרגלען איבערבייסן. איידער איר וועט זיך אויסשטעלן אין ריי. — הם, מערזאַווצעס! — — נו, גוט. (צו לעווינען) ביסטו

דאָס, הייסט עס, דער זעקסטער? — — נו, גוט. קום. (צו די חעבֿטער) נעמט אים, שמידט אים פריער אין קייטן. זאָל ער שטאַרבן אין קייטן. (חעבֿטער גיבן א נעם לעווינען.)

דניאל

(מיט א געשריי)

ס'איז נישט ריכטיק. ס'איז נישט געווען ריכטיק.

לעווינע

(מיט א רויקן קול)

ס'איז געווען ריכטיק.

דניאל

איך זאָג, אַז ניין!

לעווינע

(מיט שאַרפער באַטאָנונג)

דניאל, עס איז ריכטיק. — אַ גוטע נאַכט. (לאָזט זיך גיין צו דער טיר, כאַלדאַטן נאָך אים. אויך דרוזשינין. אָפ. די טיר פאַרהאַקט זיך. אַלע שטייען געפּלעפּטע.)

קול פון וועכטער

(פון קאָרידאָר)

לייגט זיך שלאָפן!

(אַלע צעלייגן זיך אויף דער נאַרע. דניאל קניט צו דער ערד. דורך די גראַטן פון טיר שטעכן זיך דורך באַיאָנעטן. טען הערט שטידעריי פון קייטן.)

נוקי

דער שמיד קאָוועט. דער האַמער שמידט ווידער. מען דאַרף נישט וויינען.

דניאל

קום אַהער צו מיר, נוקי.

נוקי

(ציט זיך אויס אויף דער ערד, לעבן דניאלן)

ווײַן נישט, דניאל.

דניאל

איך וויין נישט.



נוקי

טויט איז שמייכל. טויט איז ליכטיקייט. איך האָב געוווסט, אַז דאָס וועט זיין אַזוי.

דניאל

דו האָסט געוווסט?

נוקי

אַלע מאָל מוז זיין איינער. איינער, וואָס גיט זיך אַוועק פאַר אַלעמען. און אַלע דאַרפן באַגלייטן דעם איינעם. און אַלע דאַרפן זיך צעטיילן מיט זיין לעבן אויף גלייכע חלקים. אַזוי ווי מען צעטיילט זיך מיט ברויט. — — —

(עס דערהערן זיך דריי קנאַלן פון ביקסן)

נוקי

סלושאַי!

(פאָרהאַנג)

